Hirschbein
Weite un' nohente

פערלאג „די וועלט"

פרץ הירשביין.

# ווייטע און נאהענטע

בילדער אין 4 אַקט

יידיש א. א. בן־גור.

פרייז 12 קאָפּ.

דרוק פון י. פּיראָזשניקאָוו.

# Далекіе и близкіе

Картины въ 4-хъ дѣйствіяхъ.

соч. П. Гиршбейна.

Вильна, Типографія И. І. Пирожникова, Завальная улица № 1147.

1906.

## פערזאנען:

שׁוֹאֵל — אַ הענדלער פון אַלטע קליידער, אַלט 15 יאָהר

קֵיילֶה — זיין ווייב.

קַדִּישׁ — אַ זוהן } אַצווילינג — 15 יאָהריגע.

רַשִׁיל — אַ טאָכטער }

צְבִיָּה — אַ שכנה זייערע וואָהנט אין שטוב — 19 יאָהר

פִּנְחָס — אַ מולער 22 יאָהר.

דָאקְטָאר

קומט פאר אין אגרויסע שטאדט איז ליטא.

P 23784




Дозволено цензурою. 28 февраля 1906 г. Вильна

## אין שואלס דירה.

אַקליינע שטוב, אין אַקעלער, דריי פענסטער פיערקאַנטיגע אין דער לינקע וואַנד קוקען אַרויס צום הויף צו, נעבען די פענסטער — אַ טיש רעכטס:—פון אַריינגאַנג אַ פּשעפּערעניע און אין איהר אַטהיר דאָרט איז צביהס דירה, צווישען פּשעפּערעניע און די טהיר שטעהן צוויי בעטען.

די פאַרלאַגע איז צובראָכען, ערטער וויז געהן די ברעטער פאַ-נאַנדער. אין דערלענג פון שטוב איז אויסגעהאַנגען שטריק און אויף זיי טריקעט זיך וועש, און גלאַט שמאַטעס. ניט ווייט פון טהיר אויף אַ בענקעלע שטעהט אַ מולטער צום וואַשען.

**חנוכה צייט.**

# ערשטער אקט.

---

(אָבענד. קיילה שטעהט אַיינגעבויגען איבער אַ מולטער און וואַשט. נעבען איהר ליעגט א פאַק מיט גרעט. צביה זיצט אויף אַ בענקעלע, נעבען טהיר פון דער פּשעפּערעניע, וואָס פיהרט אין איהר צימער און טולעט אַ קינד אַיינגעוויקעלט אין שמאַטעס.)

קיילה (ניט אָבקערענדיג די קאָפּ פון מולטער צו צביהן)... און איך האָב גערעכענט אַז אין קינדער האָבען, וועל איך זיין, ווי מיין מאַמע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם; אַ ליכטיגען גן עדן זאָל זי האָבען, און צום סוף...

צביה. און אייער מאַמע האָט דאָס אַזוי פיעל קינדער געהאַט?

קיילה. וואָס רעדסטו עפּעס! אַ גיהנום, אַנ׳אמתר גיהנום, איז דאָך געוועזן אייביג ביי אונז אין שטוב.

צביה. ווי פיעל ברידער און שוועסטער זאָלען געזונד זיין, האָט איהר דאָס אַזוי געהאַט?

קיילה. לאַנג לעבען זאָלען זיי, וואו זיי זיינען:— איינמאָל דריי שוועסטער — זאָלען געזונד זיין, און דריי ברידער. און אַ פיערטער וואָס איז געשטאָרבען, ער איז געוועזן דער זיבענטער ביי אונז, צו לאַנגע לעבעדיגע יאָהר זיי, — דער זיבענטער, און דער בעסטער,

צביה. (נאָך אַ קורצען שווייגען) אין הרחבה אַז גאָט העלפט איז יעדער קינד אַבעזונדער נחת, קלאָר איך...

קיילה. אפשר... נאָר די גוואַלדען מיט די קולות, וואָס

23784

אין שטוב פלעגט זיך אבטאן, עס פלעגט ניט זיין אויסצודערהאלטען, א קליינינקייט. און דער נאך, אז מען איז שוין ב״ה אונטערגעוואקסען, פלעגט ווערען געוואלדען, פערשטעהט זיך, איבער א גרעסערע זאך (ווישט אב די האנד אן שמאטעס וואס ליעגט דערביי אויף דר׳ערר); ניט וויט פון דאנען איז דא א קעלער, אויף דער צווייטער גאס, דארטען האבען מיר זיך אלע אויסגעהארעוועט.

צביה. איך האב געזעהן הייזער, וואס דארטען זיינען פאראן א׳סך קינדער. און פונדעסטוועגען לעבען אלע בשלום; אט אנ׳אופן דארטען אופן ארט וואו איך האב געדינט פאר דער חתונה...

קיילה. (ברעכט אב א שטיקעל ברויט פון לאבען, וואס ליגט אויפן טיש טונקט איין אין זאלץ און קייט) מ. מ. הו... א פערגלייך א ביסינקע?... קינד איינע, מיר זיינען א פנים געוועזן שלעכטע קינדער, וואס? קיין שלעכטע קינדער איז גאר אויף דער וועלט ניטא, און עס איז קיין וואונדער ניט. וויפיעל מאל האט זיך געטראפען, אז אין שטוב איז קיין ברויט ניט געוועזן; א קאפ אנדערש איז, זאל דיר דוכטען, דארטען וואו גאט העלפט; וואס קריגט מען זיך, און איבער וואס זאל מען זיך קריגען, פרעגט, אז אין שטוב איז אליץ דא אהן עין הרע בשפע? ער דער טאטע ע״ה איז געוועזען א חלוש — א גארנישט; וואו ווען פלעגט זיך מאכען א פאר נייע ארבייט; היינט געה, קארמע אן פון אזא שוסטעריי אזא שטוב מיט מיילער אהן עין הרע, אשטרוי נישט קיין מענש איז דאס געוועזן. קוים וואס די נשמה האט געהאלטען אין איהם.

צביה. און די מאמע אייערע האט ניט געהאט קיין שום פרנסה?

קיילה. און אויף א מינוט האט מען געקאנט די שטוב לאזען אליין? וואס? נאר זי פון דעסטוועגען, א ליכטיגען גן עדן





זאל זי האבען. קען זיין וואלט אפשר יע וועלען האבען אנ׳אויגענעם גראשען אין קעשענע, די תורה די גרויסע, וואס מען בעדארף דערצו האבען, איך זאג דיר: מען נעמט דעם קאשיק, און מען געהט ארויס אין גאס. ער דער טאטע ע״ה האט איהר ניט געלאזען, ער האט געוואלט זי זאל זיין אין שטוב.

צביה. ער האט איהר מן הסתם ליעב געהאט?

קיילה. געקריגט האבען זיי זיך ניט.

צביה. דאס איז א ברכה פון גאט.

קיילה. פלעגען זיך יע איבערריידען א מאל, נאר איבער וואס מיינסטו למשל: איבער א זיידענע קלייד אודאי אדער איבער א קייט א גאלדערנע, איבער א בונט פערעל, וואס?... (אווײלע שטיל).

צביה. איהר האט געזעהן די קליידער מיינע, וואס איך האב זיך געמאכט צו דער חתונה...

קיילה. צוליעב אזיינע זאכען איז ביי זיי קיין מאל קיין קריג ניט ארויסגעקומען; דוכט זיך אזיינע זאכען איז גאר אין קאפ ניט געלעגען; ווארום וואס, און ווען האט מען סך הכל אנגעזעהן אין לעבען, אבער דעם קעלער ב״ה און ווידער דעם קעלער... אין קעלער ב״ה, געבארען געווארען, דארטען אויסגעוואקסען דארטען חתונה געהאט.. (דרעהט אוים א שטיקעל גרעט) (פויזע) און אין קעלער וועט מען מן הסתם שוין די איבריגע ביסעל יאהרען אויסברייינגען. (פויזע) געקריגט זיך, סתם געקריגט צווישען זיך ווי קינדער על פי רוב קריגען זיך... (פויזע. שטארק רייבענריג א שטיקעל וועש אין האנד איינגעבויגענערהייד — פערקלערט).

צביה. איך קלער פיעל מאל אליין מיט זיך, צו וואס האב איך זיך דאס אין גאנצען אנגענעהט, אט דאס אליץ אין איינעם אפילו, ווארום פרעגט א סך דערפון, צו האב איך האן

אײנמאָל אָנגעמאָסטען אַפילו אָט וואָס, אַדרבאָ איך בין אײך אַ בעלן צו ווײַזען אויף צוקאַוועסן...

קיילה. ניט נאָר אַ קלײד, אַ העמד אַנ׳איבריגע האָב איך אַפילו ניט געהאַט איבערצובײַטען, און איך געדענק ווי איך פלעג מוזען אויסטהאָן דאָס העמד, וואָס אויפ׳ן לײַב, אוים וואַשען איהר און וואַרטען (אין יאַקעל) ביז זי וועט זיך אויסטרי־קענען און איהר ווייטער אָנטאָהן.

צביה. (געהט ארוים פון הינטער דער פשעפערעניע מיט א בונט נייע קליידער אויפן האנד.)

קיילה. (גיט א בליק) נו אַדרבא, איך פרעג דיר אַלײן, אויף וואָס דאַרפסטו דאָס אַלץ איצט?

צביה. אֶמת טאַקע צו וואָס? נאָר פון דעסטוועגען... מײַן גאַנצער אֶלטער, וואָס? ווי אַלט בין איך דאָס אַזוי אין גאַנצען. 19 יאָהר בסך הכל. ס׳איז דאָך פאַראַן מיידלאַך 25 יאָהריגע, 30 יאָהריגע איז דאָך נאָך אויך דאָ... (געהט צו נעהענטער צו קײלהן) גיט נאָר אַ טאַפ, זײַדענס אֶמת׳ע זײַדענס.

קיילה. (טאפּט דאס קלײד) מײנסט אַ גרויסער מבין בין איך, וואָס? קענטיג אַ גוטע סחורה.

צביה. וואָס זאָגט איהר אַ גוטע?! דאָס איז דאָך זײַ־דענס, רײנע זײַדענס! דרײַ יאָהר איז בײַ מיר אָבגעלעגען אָט די סחורה אין קאַמאָד; דאָס האָט מיר דער פעטער זאָל לעבען געב־ראַכט פון וואַרשוי, אַ מתנה, כ׳האָב מורא גיהאַט פאַר מאָיל, האָב איך דאָס אײנגעשאָטען אין טאַבאַק, אויך איצטער, (גיט אַ שמעק מיט התפעלות), איצטער אויך בנאֶמנות (גיט נאָך אַ מאָל אַ שמעק) טאַבאַק ווי איך בין אַ אידישע טאָכטער, טאַבאַק, (טראָגט אונטער צו קיילהן) גיט נאָר אַ שמעק.

קיילה. (גיט א שמעק) פפוי! דו טראָגסט דאָס ניט, דערפאַר וויעטרעוועט זיך ניט אוים דער ריח.

צביה. (מיט א גע לעכטער) די נייטערקעס פלעגען זאָגען,





זײ קענען ניט נאָהען די צײַג; זײ פלעגען ניסען די גאַנצע צײַט, חאַ—חאַ—חאַ—!...

קיילה. מיר האָט מען אויפגענאָהט צו דער חתונה סך הכל אײן קלײד: די אַנדערע האָט מען געליהען: דו קאָנסט אַ פנים אָנ׳טאָהן איצט די קלײד.

צביה. אַז איך בין נאָך געווען אין פערטען חדש האָב איך שוין ניט געקענט אָנ׳טאָהן די קלײדער, וואָס איך האָב זיך גענעהט צו דער חתונה.

קיילה. איצט וועלען זײ אויך זײַן ענג.

צביה. איצטער... איצטער קלאָר איך וועלען זײ ווײַטער זײַן גוט—אַדרבאָ איך וויל זעהן. (דערלאנגט קיילהן דאס קינד) האַלט נאָר אַ ווײַלע צו מײַנע ברילױאַנטען און איך וועל פרובען אָנמעסטען.

צביה. קײלה, לאַנג לעבען זאָלט איהר, גיט נאָר אַ קוק. (אומעטיג) צוואָוואָס מאַכט מען זיך אין דער אֶמת׳ן קלײדער? איך וועל פרובען אָפּלאָזען דעם פאַרטוך, (זי לאזט אב דעם פארטוך, נאר זי קען זיך אלץ ניט פערשפילען.) איהר זעהט? אַפילו איצט קען מען אויך ניט.

קיילה. מען קאָן אַפילו ניט פאַרריכטען אויך... די קלײד וועט מען נאָך יעה אֶפשר...

צביה. איך וועל פרובען אָנמעסטען דעם יאַקעל, (זי לאזט אב דאס קלייד, דאס קלייד לאזט זיך הערונטער דערביי אויף דער ערד זי הויבט איהר ווייטער אויף, שפארט זיך צו צום טיש, אום עם אנצוהאלטען) איך פיהל אַז דער יאַקעל וועט אויך זײַן שמאָל. (זי ציהט אן דעם יאקעל, אבער עם דעקט אפילו ניט צו די ברוסט. מיט שרעק) זעהט נאָר!...

קיילה. וואָס ביסטו אַזאַ טויטע געוואָרען? וואָס האָסטו געקלאָרט?

צביה. אָבער קוקט זיך נאָר אַײן! (זי ציהט די קליאפּען

פֿון דער טאַליע) דער גאַנצער בוזים בלייבט אָפֿן. אויפגענעהט אַזוי, אַז עס לאָזט זיך דאָס גאָר ניט פֿאַררי̇כטען.

קי̇ילה. גבירישע ווייבער, נאָך אַ קי̇נפּעט נעהען זי̇ך אויף קליידער גאָר פֿון דאָס ניי, (פּויזא) לייט הייל̇ען זיך גלאַט ני̇ט מי̇ט קי̇נדער האָבען...

צביה. (פֿערצווייפֿעלט) איך האָב געמיינט, אַז מיין פֿייבעלע וועט אי״ה אַנטוואָהנט ווערן, וועל איך זי̇ך חאַץ קאָננען אָבדי̇כען אַבי̇סעל, וואו האָב איך געקלאָרט, אַז איך וועל אַזוי גי̇ך האָבען, (טהוט פֿאַמעלאך אוים די קליידער) פֿון דעסטוועגען... (מיט טרעהרן) ווער האָט זי̇ך דאָס גאָר גערעכענט אַז מיין בלוט-יוגענד וועט אַזוי גי̇ך אַוועק.

קי̇ילה. פֿאַר דער חתונה, נאָך דער חתונה... און וואָס האָב איך אי̇ן מיין לעבען אָנגעזעהן, אַפֿילו פֿאַר דער חתונה אי̇ז מען אויך געווען איבעריגע אויף דער וועלט.

צביה. (טראָגט אוועק איהרע קליידער) איך האָב זי̇ך ני̇ט גערעכענט אַז אַזוי גי̇ך וועלען מיינע יונגע יאָהרען אַוועק. מיין גדליה... ער אַפֿילו זאָל לעבען, אי̇ז נאָך איינער אַזיינער אויף דער וועלט ניטאָ... (געהט ארוים פֿון צימער) כ׳קען זיי ני̇ט אויפֿהייגען אויף אַנ׳אָרט.

קי̇ילה. חתונה... קי̇נדער האָבען... האַ, האַ, אַשפּי̇לכעלע וואָס?...

צביה. אַזוי פּי̇על בלוט... אַזוי פּיעל געלד!.. (צום קינד) פֿייבעלע! טיוטקעלע מיינער, (צו קייהלן) איך קלאָר אַלע מאָל, לי̇געגנדיג אי̇ן בעט, און האַלטענדיג פֿייבעל׳ען ביים ברוסט,—פֿאַר וואָס האָבען מי̇ר אַזוי האָלט קי̇נדער?...

קי̇ילה. האַ... האַ...

צביה. אַז איך בי̇ן געוועזן אַ מיידעל, פֿלעג איך האָלט האָבען אַ סך צו שלאָפֿען — אַ שפּאַס וויפֿי̇על איך פֿלעג דאָס דאַכאָלכט אָבשלאָפֿיי!... ווי אַ שטיין די גאַנצע נאַכט זיך





אַוועק געלייגט, חאַץ נעהם און טראָג מיר אַרוים און איצט, אַודאי צעהן מאָל אַ נאַכט חאַפּ איך זיך אויף. און יעדער מאָל: האַ, וואָס איז מי̇טן קי̇נד? וואו ליעגט ער? ני̇ט אַ וואונדער? האַ?

קי̇ילה. „קי̇נדער״—אָהאָ קי̇נדער!... דאָס אי̇ז דאָך האַרץ אַ שטי̇ק, אַ שטי̇ק נשמה! און אַז גאָט העלפֿט נאָך מי̇ט גוטע קי̇נדער; גוטע קי̇נדער—אַשפּאַס—דאָס אי̇ז דאָך אַצי̇רונג פֿאַר טאַטען און מאַמען. אַצי̇רונג פֿאַר יעדען בעזונדער ווען גאָט העלפֿט.

צביה. (קוקט אויף פֿייבעלען) פֿייבעלע, טאַטקעלע מיין׳ס זאָג נאָר, זאָג נאָר פֿייגעלע מיינער, אַ וואָס וועסטו זיין? האַ? זאָג נאָר.. זאָג!...

קי̇ילה. ווער קאָן דאָס וויסען:—אַנ׳אָרענטלי̇כער מאַן וועט ער מן הסתם געווי̇ס זיין—אַודאי!

צביה. (צום קינד) אַנ׳אָרענטלי̇כער מאַן!... אי̇נ׳אָרענטלי̇כער מאַן, פֿייבעלע?! אַפּראָסט קי̇נד אי̇ז דאָס, וואָס?.. אַנ׳אוצר אי̇ז דאָך דאָס, ני̇ט קיין קי̇נד, אַ שטי̇ק גאָלד!...

קי̇ילה. איך טראַכט פּי̇על מאָל, וואָס וואָלט מיין גאַנצער לעבען געוועזן, ווען ני̇ט די שטיקלאַך קי̇נדער, זאָלען לעבען; אַז איך וואָלט דאָס חלילה קיין קי̇נדער ני̇ט געהאַט — אָדער כ׳האָב מורא פֿון מיין מויל אַרויס צו ברייגגען, אַז די קי̇נדער מיינע, חלילה וואָלטען געשטאָרבען, עס טרעפֿט, ני̇ט פֿאַר אונז געדאַכט, ביי אונזערע טאַטעס און מאַמעס! ס׳אי̇ז דאָך דאָ צרות אויף דער וועלט, מען קען ני̇ט זאָגען.

צביה. (ציטערט) אָה, זאָל גאָט אויסהי̇טען (קושט דאָס קינד) איך וואָלט אָפּשר פֿון זי̇נען אַראָב.

קי̇ילה. פֿון זי̇ננען געהט מען ני̇ט אַראָב, זאָל די̇ר דוכטען, נאָר...

צביה. (נאָך אַ שווייגען) וואָס האָט זי̇ך איידער צייטעל

אויסגעקליבען אַזאַ פּאַסקודנע אַרבייט? דער טאַבאַק פרעסט דאָך איהר אויף איהר האַרץ...

קיילה. וואָס האָט זי זיך אויסגעקליבען אַזאַ אַרבייט?... דו ווייסט פאַר וואָס? אַזוי ווייס איך: זי האָט אָנגעהויבען צו טהאָן, און אַזוי טהוט זי.

צביה. זי ווייזט אויס זעהר שלעכט. (קיילה זיפצט זיך אָב שטיל) מען זאָגט אַז אַצווילינג זיינען אַלע מאָל פּאָחאָזשע איינער אויף'ן צווייטען, אַ מאָדנע זאַך! אַז צוויי אינגלאַך זיינען גלייך, איז נאָך קיין חידוש ניט, אָבער אַ מיידעל מיט אַ אינגעל... קדיש און רשיל דהיינו—פונקט ווי צוויי טראָפּענס וואַסער!

קיילה. (שטיל) אין אַ פינסטערע שעה געבאָרען געוואָרען..

צביה. פּקחים פון קינדער!

קיילה. פּקחים... און צייטעל! דאָס שטיקעלע מזל פעהלט איהר מעהר ניט. דער לעבען דער גוטער זייערע, ווער עס ווייס; קינדער אָך און וועה. די גאַנצע בגרות זייערע: 14=15 יאָהריגע — איז רשיל שוין פון פינף יאָהר, אַז זי פינסטערט שוין אין פאַבריקע, דער טאַבאַק, פרעסט איהר אויף, און קדיש, שוין דריי יאָהר — ... אַ דאַנק גאָט... אַז איך וואָלט געוועןן ביי אַן'אַנדער שטאַנד — האָט דאָך קדיש, זאָל לעבען אַ זעלטענע קאָפּ! און רשיל? מען האָט איהר אַפּנים געלערנט שרייבען; אימיצער אַן'אות חאָץ בעוויזען וואָס? און איהם? קיינער ב"ה ניט, און פונדעסטוועגען?

צביה. דאָס איז אַ ברכה פון גאָט...

צביה. קדיש קען דאָך רוססיש אויך, איך האָב געזעהען.

קיילה. און רשיל? און צייטעל?

[עם קומט אריין פנחס, אמענש פון מיטעלעם וואוקס, א מולער.

[די זעלבע און פנחס.

קיילה. פנחס?

צביה. (מיט אַגעלעכטער) דער חתן געהט, דער חתן געהט!

קיילה. (גיט אַקוק אויף פנחס'ן) ס'איז אַ סימן אויף גוטס!





איך האָב געוואוכט, אַז דו ווערסט היינט קומען, דו האָכט אפשר געזעהען די קינדער, וואָס?

פינחס. די קינדער? ניין, ניט געזעהען, איך האָב קיין צייט געהאַט, כ'האָב געהערט אַז די פאַבריקע איז פערמאַכט, בין איך בכיון געקומען טאַקי.

קיילה. (אַדערשראָקענע) וואָס רעדסטו, די טאַבאַטשנע פאַבריקע, וועה איז מיר, ווען, פאַר וואָס?

צביה. פאַר וואָס האָבען די קינדער דאָס גאָר ניט געוואוסט פון דעם?

פינחס. איך ווייס אויך ניט אויף געוויס, כ'האָב געהערט, אין גאַס דערצעהלט מען אַזוי.

צביה. מסתמא איז קיין אַרבייט ניטאָ,

פינחס. (זיצט ביים טיש) וואָס אַרט דאָס דעם ב"עה"ב? גאָר נישט, אַגרויסע דאגה האָט ער מיט וואָס די ווייב און קינדער צו קאָרמענען.

צביה. אפשר מעהר ווי צוויי הונדערט מענשען לעבען דאָך פון דער פאַבריקע.

קיילה. וועה איז מיר! אויב עס איז אמת, איז איין גאָט ווייס וואָס וועט זיין. פונפצעהן רובל אַ חודש — דאָס איז דאָך קיין קלייניגקייט.

צביה. אפשר איז מעהר ניט פערמאַכט געוואָרען אויף אַקורצע צייט?

קיילה. באַלד וועלען זיי קומען, וועלען מיר זיך אַליץ דערוויסען. (נאָך אַ קורצען שוויגען) צוויי הונדערט פאַרשוין! גרינג אויסצורייעדען: צוויי הונדערט מענשען וועלען בלייבען אָהן ברויט, אַזאַ ווינטער... (אין שטוב קומען אריין צייטעל, רשיל און קדיש צייטעל טראָגט אַ פּאַקעט איינגעוויקעלט אין א פּאַפּיער) אָט זיינען די קינדער! (קוקט אויף זיי שאַרף אָן).

צייטל. און רשיל. גוט נ'אָבענד!

קדיש. גוט יו״ט מאָג מען זאָגען.

ציטעל. אַודאַי, גוט יו״ט איצט וועלען מיר זיין יו״טריגע?

קילה. מען האָט טאַקי פערשלאָסען די פאַבריקע?

קדיש. פון וואַנען ווייסטו דו?

צביה. פינחס האָט דערצעהלט, מען האָט טאַקי פערמאַכט?

רשיל. מען האָט בעצאָהלט פאַר די גאַנצע וואָך.

קילה. וועה איז מיר! דער טאַטע איז אַגאַנצען טאָג אַרומגעגאַנגען אין גאַס און האָט אַ גראָשען ניט פערדיענט (גיט אַ קוק אויפ׳ן פעקיל) וואָס איז דאָס פאַר אַ פעקיל?

פינחס. מען האָט ניט געזאָגט אויף ווי לאַנג מען האָט פערמאַכט די פאַבריקע?

רשיל. די מאַמע וועט זיין אין כעס, וואָס מיר האָבען אויסגעבראַט געלד.

ציטיל. וועסט ניט זיין אין כעס, מאַמע? מיר האָבען געקויפט אַ פאַטשיילע.

קילה. אַ פאַטשיילע צו וואָס?

רשיל. איך האָב געוואוסט אַ פריהער, אַז זי וועט דאָס זאָגען.

ציטעל. צו וואָס — מיר דאַרפען אַלע האָבען אַ פאַטשיילע, אַ טוך, אין די נאַקעטע שמאַטע קען מען דאָך שוין ניט געהן.

קילה. איך האָב זיך אַליין ניט געוואָלט גלויבען אַז מען פלעגט זאָגען, אַז מען וועט די פאַבריקע פערמאַכען, אַזאַ אונגליק.

ציטעל. (בינדט פאַנאַנדער דעם פעקיל) מען קען זיך דאָך לעבענדיגערהייד ניט בעגראָבען; אַדרבא, זעה נאָר ס׳אַר אַ מציאה מיר האָבען געקויפט...

פינחס. (שטעהט אויף) אַ סיערע, אַ שוואַרצע? (אַלע רינגלען אַרום ציטלען).

ציטעל. (מאַטערט זיך אויפבינדען דעם פעקעל) נו, פערבונדען האָבען זיי!





קדיש. (נעהמט אַרויס פון קעשענע אַ פען-מעסערל און שנייט איבער די שטריקעל, אַלע קוקען און שווייגען. צייטעל נעהמט אַרויס אַ וואָלענע טוך, אַ גרויסע).

צביה. אַ גרויע?

קדיש. אַ גרויע.

קילה. אַ שעהנע טוך, — ניטאָ וואָס צו ריידען... טהייער? וועה איז מיר, אָהן אַרבייט...

ציטעל. (נעהמט פאַנאַנדער דאָס טוך) זעהט נאָר: אַגרויס!

צביה. זי איז גרעסער אפילו פון מיין פאַטשיילע.

קילה. ווי פיעל האָט איהר פאַרט בעצאָהלט.

רשיל. איהר זאָלט ניט זאָגען, צייטעל, זאָלען זיי שאַטצען.

פינחס. (קוקט דאָס טוך פון אַלע זייטען) שאַטצען — זאָגסטו?

קדיש. איך וויל טרעפען.

רשיל. שוויַיג, דו ווייסט דאָך.

קילה. (מיט אַ שוואַכער שטים) אַודאי צוויי רובל האַ? מען האָט אייך בעצאָהלט פאַר די גאַנצע וואָך, האַ?

ציטעל. (קוקט אויף קיילה׳ן) וואָס ביזטו אַזוי אומעטיג, מאַמע?

פינחס. ס׳איז גאָר נישט.

קילה. וואָס רעדסטו מיין טאָכטער? מיין האַרץ שטאַרבט אין מיר אָב יעדע מינוט... אַזאַ ווינטער אַן׳אונגליק אַזוינער.

צביה. ניש-קשה אַ גאָט איז דאָ... איך שאַטץ אין צוויי רובל (טאַפּט דאָס טוך).

ציטעל. (טהוט איהר אָן אויף די פלייצעס) אָבער גיט נאָר אַ קוק, ווי גרויס זי איז.

פינחס. איהר האָט בעצאָהלט, בעצאָהלט...—צוויי רובל מיט פונפציג קאָפּ.

צ ײ ַ ט ע ל. (צו רשיל׳ען) כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז זײ וועלען ניט טרעפען.

ר שׁ י ל. (צו קיילהן) מעסט נאָר אָן, מאַמע, (טהוט אָן דאס טוך קיילה׳ן אויף די אַקסלען) זעה נאָד סאַר אַשענקייט, דאַגה ניט, מאַמע,

ק י י ל ה. מיר איז אַלץ איינס די טוך, יענע טוך, וויפיעל האָט איר פאָרט בעצאָהלט.

צ י י ט ע ל. פינחס, האָט געט־אָפּען.

פ י נ ח ס. צוויי רובל מיט פופציג קאָפּיקעס?

ר שׁ י ל. מיט זעכציג.

פ י נ ח ס. אין צעהן קאָפּיקעס סך הכל ניט געמראָפּען.

ק י י ל ה. (נעהמט הערונטער פון זיך דאס טוך, קוקט אויף איהר מיט גרוים אגמת נפש) קינדער איהר וועט מיר פאָלגען.

צ י י ט ע ל. וואָס איז?

ק י י ל ה. טראָגט אָב צוריק די פאַטשיילע.

ר שׁ י ל. וואָס רעדסטו, מאַמע?

צ י י ט ע ל. מיינסט אין אֱמת׳ן מען זאָל אָבטראָגען?

צ ב י ה. נו, קיילה, צו וואָס דאַרפט איהר דאָס? דער אויבערסטער וועט העלפען... די וועלט געהט שוין אונטער, וואָס?

פ י נ ח ס. מען וועט סיי וויסיי ניט צונעמען צוריק.

ק ד י שׁ. די מאַמע דאַגהת שטענדיג; שטענדיג דאַגהת זי...

ק י י ל ה. מען דאַרף אָנוועהרען עפּעס וואָס (א קליינע שטילקייט) קדישל, קום ווייז מיר די קראָם, וואו מען האָט דאָס געקויפט, וועל איך איהר אַליין אַוועקגעבען.

ק ד י שׁ. וואָס אַרט דיר?! (אַ קורצע דריקענדע שטילקייט הערשט איינינע מינוטען).

צ י י ט ע ל. (טרערען שטיקען איהר) מיר האָבען געקויפט די





פאַטשיילע פון דיינטוועגען, יעדער פון אונז האָט זיך צונויפגע־לעגט, שוין דאָך לאַנג צייט געוועזען צו קויפען אַנייע פאַטשיילע! און איצטער... ווילסטו...

ק י י ל ה. (מיט א שוואכע שטים) פון מיינעט וועגען?... פאַר מיר? צו וואָס דאַרף איך?

צ י י ט ע ל. וואָס הייסט צו וואָס איך, ביזט קיין מענש ניט, וואָס?

ק י י ל ה. איך?... אָך קינדערלאַך, איך וויל מעהר ניט ווי זעהן נחת אויף אייך, מעהר גאָרניט, אָהן דעם מאַכט מיר אויך ניט אוים; ווי איך געה אָנ׳געטאָהן, און וואָס איך געה אָנגעטאָהן מיר איז אַלץ איינס...

ר שׁ י ל. וואָס הייסט אַלץ איינס! אויב מיר האָבען איין מאָהל געקויפט, קענען מיר דאָך ניט אַוועקגעבען צוריק, דער מאַ־טע וועט אויך גאָר ניט זאָגען.

ק י י ל ה. דער טאַטע וועט אויך גאָר נישט זאָגען; —וואָס אַרט מיר, וואָס ער וועט גאָרנישט זאָגען—איך ווייס דאָך אַליין, וואו מיר האַלטען אין דער וועלט. אַזאַ ווינטער אָהן אַרבייט, און דער טאַטע... וואָס איז מיט׳ן טאַטען גופא?... דער טאַטע געהט אויך ב״ה אום לעדיג.

ק ד י שׁ. און וואָס איז דאָ דער גאַנצער רעש? (טהוט אן ווידער דאָס טוך אויף די מאַמעס פלייצעס) זעה נאָר ווי עס קלייד דיר די פאַטשיילע!

ק י י ל ה. איהר ווילט מיר מאַכען פאַר אַ יונגע מן הסתם, האַ? כ׳האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז ביי מיר איז רעכט אָן דעם אויך; נאָר דער עיקר... (די ווערטער האַקען איהר זיך אב).

צ ב י ה. מען קאָן דאָך מיט אַמאָל ניט אויפהערען זיין פאָ־חאָזשע אויף אַמענשען.

ק י י ל ה. זיין פאַהאָזשע אויף אַמענשען... אֱמת מען קען ניט, נאָר שטעל דיר זיך פאָר: די פאַבריקע איז צוגעמאַכט, גאָט

דער לעֶבעדיגעֶר ווײַס, ווען עס וועט נאָך עֶרשט זײַן אַרבײַט פֿון דאָס נײַ—די גאַנצעֶ געֶלד זײַערעֶ, וואָס זײַ האָבעֶן בעֶקומעֶן איז הלואַי צעֶהן רובעֶלעֶס, און מעֶן האָט מיט אַמאָל אויסגעֶגעֶבעֶן דעֶרפון גאַנצעֶ דרײַ זילבעֶרנעֶ רובעֶל׳ס, אויף אַזאַך, וואָס מעֶן דאַרף גאָר ניט.

רשיל. מיר האָבעֶן בעֶקומעֶן מעֶהר, ווי צעֶהן רובל.

ציִיטעֶל. די עֶרשמעֶ זאך, מאַמעֶ, העֶרשטו שײַן, אַז מיר האָבעֶן בעֶקומעֶן מעֶהר ווי צעֶהן רובל; צווײַטעֶנס קאָסט די טוך ניט גאגצעֶ דרײַ רובל, נאָר אַסך ווענִיגעֶר, און דריטעֶנס זאָג ניט: „אַזאַך וואָס מעֶן דאַרף ניט״.

קיילה. קינדעֶרלאַך, איהר פֿעֶרגעֶסט זיך מן-הסתם עֶס געֶהט אַווינטעֶר—אַזאַ לעֶנג; וואָס איז גאָר אַייערע געֶלד, וואָס איהר האָט בעֶקומעֶן; אויף אַחדש, אויף איין חדש. אָסור צער אויב דאָס וועט קלעֶקעֶן, אויף הײַליגעֶ נאָמנות אַז ניט, גלײַבט מיר אַז ניט... דעֶרצו פעֶרדינט דעֶר טאַטעֶ אויך אַקאָפּיקעֶ ניט, מיר וועֶלעֶן דאָך פון הונגעֶר פֿאַרגעֶהן, חס וחלילה... (אדריקענדע שטילקייט, אלע בלייבען שטיין אַרום טיש).

ציִיטעֶל. נשקשה: מיד וועֶלעֶן פון הונגעֶר ניט שטאַרבעֶן.

קדיש. איך וועֶל אַרויסנעֶמעֶן פֿון באַנק מײַנעֶ געֶלד, וואָס דאַרף איך מײַנעֶ געֶלד—אויף נדן, וואָס?

רשיל. און איך קאָן אויך אַרויס נעֶמעֶן מײַנעֶ געֶלד.

קיילה. איהרעֶ „געֶלד״ איהר קעֶנט איהרעֶ געֶלד? (מיט אביטערן שמייכעל). קײַלעֶט מיר מײַנעֶ געֶנז!...

צביה. וואָס איז דאָרטעֶן אַזוי?—אַז זײַ וועֶלעֶן אי״ה פעֶרדינעֶן, וועֶלעֶן זײַ פון דאָס נײַ אַוועֶקלעֶגעֶן אין באַנק.

קיילה. (ביטער) „מײַנעֶ געֶלד״—אַכט רובעֶלעֶס, ווי די בעֶרעֶן, אַביסינקעֶ האָט זי... כלעֶבעֶן צביה, דו רעֶדסט, ווי אַקינד





צביה. וואָס הײַסט?

קיילה. אַך קינד אײַנעֶ... (אקליינע ווײלע שטיל * ווי צו זיך) רבש״ע, דו ווײסט דאך אַודאַי גוט...! זײַנעֶ פעֶרדינסטעֶן די גרויסעֶ... אויף שונאים ניט צו ווינשעֶן, געֶהט ב״ה אום גאַנצעֶנעֶ טעֶג, שרײַט מיט די לעֶצטעֶ כחות זײַנעֶ. לאָזט די גאַל און וואָס?!... (אין צײַטעֶלס זײַט מיט טרערען) דיר ב״ה געֶהט שײַן 21-טעֶר יאָהר אין... (האקט זיך אָפּ, אקוקגעבענדיג אין פינחס זייט) דיר וואָלט זיך אויך געֶוואָלט זײַן לײַטעֶן גלײַך..

ציִיטעֶל. פאַר מיר האָסטו ניט וואָס צו זאָרגעֶן.

קיילה. (ווייזט אן אויף רשילה׳ן) זי ב״ה איז קײַן קלײַן קינד: אַודאַי וואָלט זיך וועֶלעֶן, זי זאָל אויך ניט אָבשטעֶהן פון לײַטישעֶ קינדעֶר, פאַר וואָס ניט? און דעֶר גאַנצעֶר גליק, אַז זי טהוט שוין אין פֿאַבריקעֶ.. אָט האָט זיך אײַך פלוטצלונג פֿעֶרוועֶלט גאָר אויסברײַנגעֶן דרײַ זילבעֶרנעֶ רובלם..

ציִיטעֶל. (אויפֿגערעגט) מיר האָבעֶן נעֶקלעֶהרט אַז ס׳וועֶט דיר הנאָה טאָהן, אַדרבאֶ... עֶטליכעֶ טעֶג האָבעֶן מיר בכיון בעֶהאַלטעֶן פון דיר, אַז מיר ווילעֶן עֶפּעֶס קויפעֶן, און צום סוף... (שטאַרק) וואָס דאגה׳סטו אַזוי, מאַמעֶ? וואָס אַדרבאָ זאָג...

קיילה. (גיט אַ מאַך מיט׳ן האַנד אין דעֶר לופט) עֶט.. (אַ שטילעֶ).

ציִיטעֶל. (זיצט ביים אויבען, דעם קאָפּ אַרונטער געלאָזען) איין מאָהל אין צעֶהן יאָהר...

[שואל קומט אריין אין שטוב, א מענש פֿון א יאהר 45 פֿון הויכען וואוקס, די באָרד שווארץ, דאָס פנים מאָגער, געקליידעט אין א לאנגען מאנטעל מיט א וואלענער שאלקע אויפֿ׳ן חאלז. הוסט אלע ווײלע, טראָגט אויפ׳ן האנד פֿערשידענע אלטע קליידער.]

שואל. גוט אָבעֶנד! (קוקט זיך אַרום) וואָס זיצט איהר עֶפּעֶס ווי אָנגעֶבלאָזעֶנעֶ אַלעֶ?

קיילה. די קינדער זיינען געבליבען אָהן אַרבייט.

שואל. לייגט אַוועק אויפ'ן שטוהל די קליידער — פאַנגט אָן אַרונטער צוציהען פון זיך דעם מאַנטעל) די פאַבריקע האָט זיך צוגעמאַכט!.. מען האָט דאָך דאָס געוואוסט אַ פריהער, מען האָט שוין לאַנג גערעדט דער פון אין גאַס, אַז מען וועט איהר צו מאַכען. אַלע אַרבייטער האָט מען אָבגעזאָגט?

פינחס. פערשטעהט זיך אָבגעזאָגט.

שואל. (בלייבט אַ ווײַלע שטעהן אין מיטן חדר, אַלע קוקען אויף איהם) בכן... (ער קלעהרט אַ ווילע) איז וואָס, עסט איהר זיך אָב אַזוי די האַרץ?

ציטעל. (אויפגערעגט) מיר האָבען איהר געקויפט אַ פאַטשײַלע. ס'איז נאָך ניט צייט אַודאַי, וואָס? און זי הייסט איהר אָבטראָגען צוריק אין קראָם.

שואל. (קוקט דורך די פאַטשײַלע) מען וועט איהר ניט צו נעהמען קאַריק... ווי פיעל האָט איהר בעצאָהלט? ווער האָט אויסגעקליבען?

קיילה. (צו שואל'ן) הײַנט, זאָג דו: האָט מען געדאַרפט אויסברײַנגען דרײַ רובל אין אַזאַ צייט?

שואל. דרײַ רובל קאָסט זי?

רשיל. צוויי מיט זעכציג.

ציטעל. זי האָט מורא...

שואל. (פאַנגט אָן נאָך אַ קורצען שווייגען) וואַרט אַ ווײַלע (גיט אַ וואָרף מיט די אויגען אַרום) איך האָב שוין לאַנג געקלעהרט אײַך דאָס צו זאָגען... מען דאַרף פרובען, אַז עס האָט זיך שוין יע אַזוי געמאַכט. (מיט אַ זיכערען טאָן) אַודאַי ס'איז ניטאָ גאָר וואָס צו קלעהרען אַסך...

ציטעל. (פרעהליך פלוצלונג) וואָס רעדסטו דאָרטען, טאַטע?

שואל. (קלעהרט, אַלע וואַרטען, וואָס וועט ער זאָגען) געלד איז דאָ... מען האָט אײַך בעצאָהלט אין גאַנצען די שכירות?





רשיל. דרײַצעהן רובל.

שואל. געלד וועט ניט אויספעהלען... און אויב עס וועט פעהלען!.. וואָס הייסט עס וועט פעהלען... נו בלײַבט עס וועלען מיר קויפען טאַבאַק, קינד, און מיר וועלען אַליין אויסמאַכען פאַפּיראָסען; פאַנ'אַנדערטראָגען וועל איך. און בכן וועט דער גאַנצער ריוח בלײַבען מיט אַזאַ'ן אופן — בלײַבען אין קעשענע.

קיילה. איך האָב מורא...

שואל. ניטאָ וואָס מורא צו האָבען.

צביה. ס'איז אַ סכנה זאַך פון דעסטוועגען.

קיילה. אַודאַי, אַ סכנה, איך האָב מורא!

שואל. (גיט אַ מאַך מיט'ן האַנד) קיין שום סכנה. ניטאָ וואָס מורא צו האָבען... ווער וועט קומען אַ העֶר? קיינער קומט ניט.

ציטעל. און וואו וועסטו פערקויפען די פאַפּיראָסען?

שואל. כ'וועל פערקויפען: קנאַפּ בעקאַנטע הײַזער האָב איך? כ'וועל טראָגען איבער די הײַזער.

קיילה. כ'האָב מורא...

שואל. דו ביזט אַ נאַר.

קיילה. עס שמעקט דאָך מיט טורמע אַזאַ זאַך...

פינחס. ניט אַזאַ מורא!

קדיש. ווער וועט וויסען דערפון.

שואל. אַודאַי... ווער וועט וויסען? קיין שום סכנה און אַז מען וועט אונז חאַפּען, וועלען מיר זאָגען, אַז ס'איז זאַקאַזנע (פאַר גבירה'שע הײַזער) זאַקאַזנע מעג מען דאָך?

ציטעל. (פרעהליך) ביזט גערעכט, טאַטע! אײַנ'אײַנפאַל, אַ גאָלדענער, פאַ־ וואָס דאָבען מיר דאָס ביז אַ העֶר ניט געטהאָן, אָט וואָס?

קיילה. און קיין שום סכנות איז דאָ ניטאָ, זאָגסטו?

שואל. (מיט אַ זיכערקייט) קיין שום סכנה (אין זייט

פון די קינדער) איהר וועט פערדינען מעהר ווי פיעל איהר האָט פערדיענט אין פאַבריקע.

צ י י ט ע ל. אַודאַי... (אַ שטילקייט).

ר ש י ל. נו איצטער מעג מען דאָך שוין אַודאַי קויפען אַ פּאַטשיילע, האַ?

ש ו א ל. (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ) בלי נדר, אַזוי האָב איך געזאָגט, און אַזוי וועט זיין, אם ירצה השם.

ק י י ל ה. וואָס זאָל איך ריידען... מיין האַרץ, זעצט אין מיר ווי מיט האַמערס, איך האָב מורא פון מיין מויל אַרויס צוברייי־גען, מיר וועלען זיך נאָך חס ושלום אונגליקליך מאַכען.

ש ו א ל. דו ביזט אַ נאַר.

צ י י ט ע ל. (שטעהט אויף און נעהמט דאָס טוך) זעה נאַר, טאַטע, די פּאַטשיילע, גיב אַ קוק; מיר האָבען געהאַנדעלט אַ מציאה...

ר ש י ל. מעסט אָן אויף די מאַמען...

ק י י ל ה. איך דאַרף ניט...

צ י י ט ע ל. (שטאַרק פרעהליך) מען דאַרף, מען דאַרף. (ווי־קעלט איין קיילה'ן מיט געוואַלד אין די פּאַטשיילע).

צ ב י ה. (און נאָך איהר קדיש) טראָגט געזונד!.. טראָג געזונד!..

[דער פאָרהאנג פאלט.]

# צווייטער אקט.

---

די דיקרצה ווי אין 1-טען אַקט, האַלבען-טאָג-צייט, צייטעל זיטצט און מאַכט פאַפּיראָסען, נעבען איהר זיטצט פינחס, אויף איינע פון די בעטען ליעגט שואל, ער איז קראַנק, הוסט יעדער מאָל.

צ י י ט ע ל. (צו פינחס'ן נאָך אַ קורצען שוויַיגען)... ווי רעדסטו דאָס אַזיינס, אין אַ צייט, ווען דו געהסט אום לעדיג? דאָס איז איינמאָל גערעדט; און צווייטענס, איז דער טאַטע דאָך אַזוי קראַנק.

פ י נ ח ס. די פּאַפּיראָסען קאָנסטו דאָך דאַמאָלסט אויך מאַ־כען; און איך וועל דאָך אויך באַזונדער פאַרדינען, (אַ קליינע שטילקייט).

צ י י ט ע ל. צו נעהם איך פאַר זיך די געלד צו, וואָס איך פערדין.

פ י נ ח ס. און דו מיינסט, אַז דאָס איז אַ חכמה אַ גרויסע, וואָס?

צ י י ט ע ל. און וואָס וואָלסטו זאָגען, איך זאָל זיי לאָזען פון הונגער אויסגעהן. דער טאַטע זאָל אַזוי אויסגעהן ווי איטליכע האַ?

פ י נ ח ס. וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד, פאַרשטעה איך ניט?

צ י י ט ע ל. דער טאַטע איז מיר טהייער... און אַ חוץ דעם...

פ י נ ח ס. און וואָס זאָג איך?

צ י י ט ע ל. אויב אַזוי... (שואל הוסט). איז נו אַדרבה זאָג אַליין: קען איך איצט קלאָרען אַפילו וועגען חתונה האָבען? (שואל הוסט). וואָס איז דיר טאַטע? (שטעהט אויף און געהט צו צום קראַנקענס בעט. קוקט זיך איין, צוקט מיט די אַקסלען, קעהרט זיך אום, און געהט אויף די שפּיטץ פינגער, אויף איהר פריהערדיגען אָרט). כ'האָב געמיינט, אַז ער שלאָפט ניט.

פ י נ ח ס. ער איז אויף.

צ י י ט ע ל. ניין, ער שלאָפט. פון שלאָף הוסט ער דאָס. (פויזע).

פ י נ ח ס. פריִהער פלעגסטו מיר אַלץ זאָגען אַז ניין, ווייל איך האָב נאָך דעם פריזיוו ניט געפּטר'ט, און איצט...

צ י י ט ע ל. [קוקט שאַרף אויף איהם] ס'אַר אַ אונטערשיעד עס איז דאָס צווישען אַ פרעמדען און צווישען אַנ'אויגען קינד...

פ י נ ח ס. (אַביסעל פּע־לעגען) אַנטקעגען וואָס זאָגסטו דאָס?

צ י י ט ע ל. איך זאָג דאָס אַנטקעגען דיר טאַקע, אַז דו וואָלסט געוועזען אַ זון, און דיין טאַטע וואָ'לט חס ושלום געלעגען קראַנק, וואָלט דיר אין קאָפּ ניט געלעגען אַזוינע זאַכען. קלערען אַפילו וועגען חתונה האָבען אין אַזאַ אופן טאָר מען אויך ניט... און אַחוץ דעם...

פ י נ ח ס. אַדרבא, איך האַלט זיך גאָר ניט פאַר אַ פרעמ־דען, אָבער... איך וועל בעסער ניט ריידען... (אַ קליינע ווײַלע שטיל אַרום. ער גלעט איהר די האָר). דו זעהסט אַזוי שלעכט אויס. (שטיל).

צ י י ט ע ל. (מיט אַ שמייכעל) אַראָב, פון וואַנען קען דאָס אַרויף?

פ י נ ח ס. (בויגט צו איהר קאָפּ צו זיך) אַמאָל ביזט דו געוועזען שענער... (קושט איהר).

צ י י ט ע ל. (אין כעס) לאָז מיר צו רוה; איצט איז ניט די צייט דערפון.

פ י נ ח ס. (פערשעמט) ביזט גערעכט.

צ י י ט ע ל. איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז דו ביזט אַ פרעמדער מענש, און דו קענסט דאָס ניט פיהלען, דאָס וואָס מיר איז...

פ י נ ח ס. (אויפגערעגט) איך... איך פיהל ניט דאָס וואָס דיר איז... איך?!..





צ י י ט ע ל. בכלל...

פ י נ ח ס. וואָס „בכלל", נאָר אַ פרעמדען האַלסטו מיך?

צ י י ט ע ל. איך ווייס נאָך אַליין ניט וואָס דו ביזט מיינער.

פ י נ ח ס. ביזט עפּעס אַ מאָדנע היינט. און איך הויב דיר ניט אָן צו פערשטעהן.

צ י י ט ע ל. איבעריגס איז מיר ניטאָ וואָס צו פערשטעהן.

פ י נ ח ס. האָסט מיר היינט דערקענט, וואָס?

צ י י ט ע ל. ביזט גערעכט. איך האָב צו דיר קיין תענות ניט.

פ י נ ח ס. איך פערשטעה אַ וואָרט ניט... (ווענדט זיך אָב).

צ י י ט ע ל. ביזט מיר איצטער אפשר טייערער, נאָך מעהר ווי פריהער; נאָר אַלץ איז אַ זאַך וואָס געוועזען...

פ י נ ח ס. (דערשראָקען) וואָס הייסט: וואָס געוועזען... וואָס מוטשעסט מיך... וואָס איז דאָס פאַר אַ האַלבע ווערטער?

צ י י ט ע ל. איך רייד מיט האַלבע ווערטער, ווייל איך וויל ניט די שטוביגע אָנמאַכען קיין עגמת נפש. אָט וואָס...

פ י נ ח ס. (אויפשטעהענדיג) מיר?... עגמת נפש... אויב דו האָסט מיט מיר וואָס צו ריידען, טאָ רייד...

צ י י ט ע ל. ביז וואַנען איך וועל נאָך קענען וועל איך שוויי־גען. די האַרץ רייסט מיר אויס אויף די מאַמען... און אפשר?...

פ י נ ח ס. מעהר וועל איך ניט פרעגען. דו...

ד ע ר ד אָ ק ט אָ ר. (קומט אַריין אין שטוב, אַ מענש פון אַ יאָהר 35, פינחס און צייטעל שטעהען אויף) גוט מאָרגען! דאָ איז דער חולה?

פ י נ ח ס. דאָ.

ד אָ ק ט אָ ר. [ציהט אויס פון זיך דעם מאַנטעל, זוכט אַנ־אָרט, וואו איהם אַוועק צו לייגען].

פ י נ ח ס. איך וועל איהם צו האַלטען. (דער דאָקטאָר גיט איהם איבער דעם מאָנטעל).

צ י י ט ע ל. לייג אַוועק דאַ אויפ'ן שטוהל.

**דאָקטאָר.** ניש=קשה, לײגט אַוועק וואו עס איז. (ער גײט צו צום קראַנקענס בעט) ער שלאָפט, ווער איז ער, אײערער אַ פאָטער?

**פּינחס.** (גייט צו נעהענטער) איהרער אַ פאָטער.

**דאָקטאָר.** אַצײַט אַז ער איז שוין קראַנק?

**ציִיטעל.** שוין לאַנג אַז ער פיהלט אַ שטעכענעס אין האַרצען, נאָר אַנידער געלײגט האָט ער זיך ערשט אַ טאָג פיער.

**דאָקטאָר.** רעכט! מיט וואָס פערנעהמט ער זיך.

**ציִיטעל.** (מיט אַ ביטערען שמייכעל) ער האַנדעלט מיט אַלט=וואַרג.

**דאָקטאָר.** [קוקט זיך אַרום] און ער הוסט?

**ציִיטעל.** וואָס הייסט געהוסט, ער הערט ניט אויף צו הוסטען. (שואָל פאַנגט אָן צו הוסטען) אַזוי אָט שטענדיג ווי זײַ הערען. [טרעט צו נעהענטער צום בעט] דו שלאָפסט טאַטע? דער הערר דאָקטאָר איז געקומען, טאַטע!..

**שואַל.** (עפענט אויף די אויגען)

**ציִיטעל.** דער הערר דאָקטאָר איז דאָ.

**דאָקטאָר.** (נעהמט אָן שואל'ן פאַר'ן האַנד און טאַפּט דעם פולס) מען דאַרף איהם אַנידער זעטצען (צו שואל'ן) וואָס איז אַייך.

**שואֵל.** די האַרץ... (ער סטאַרעט זיך אַנידערצוזעטצען).

**ציִיטעל.** [העלפט איהם זיך אַנידערזעטצען].

**דאָקטאָר.** (ציהט אַרויף דאָס העמד בײַ שואל'ן עטוואָס העכער. דערזעהט אַ דאַרען און אײַנגעהײַקערטען קערפּער) אפשר איז דאָ אַרײַנער האַנדטוך? [ער קלאַפּט מיט די פינגער איבער שואל'ס ברוסט, איבערן פלײצע און ניעדריגער].

**ציִיטעל.** [לויפט הין און צוריק און זוכט, זי נעהמט אַרונטער דעם אײנגעשמוצטען האַנדטוך, וואָס הייגנט ביים טהיר, בעקוקט און הייגנט אויף צוריק] ניטאָ קיין ריינער האַנדטוך, ענטשולדיגט הערר דאָקטאָר...





**דאָקטאָר.** (קלערט אַ ווײלע) גיט וואָס עס איז.

**ציִיטעל.** (זוכט נאָך אַמאָל, נעהמט אַרויס פון קאַסטן אַ ריין העמד און טראָגט צו צום דאָקטאָר). איך וועל אָברײַסען פון דעם.

**דאָקטאָר.** ניט נויטיג, ניט נויטיג. (ער נעהמט פון ציִיטעל'ס האַנד דאָס העמד, לײגט איהר אויף שואלס ברוסט, און הערט דורך דעם שואלס אָטהעם) עס טהוט אַייך וועה?

**שואֵל.** יע.

**ציִיטעל און פּינחס.** (שטעהען ביידע נעבען בעט)

**דאָקטאָר.** שוין לאַנג אַז איהר פיהלט דעם וועהטאָג?

**שואֵל.** מעהר ווי אַ יאָהר, יאָ!

**דאָקטאָר.** און איהר זײַט קיין מאָל געוועזען בײַ אַ דאָקטאָר, די גאַנצע צײַט? איהר קענט זיך ווידער לײגען.

**שואֵל.** קיין מאָל ניט.

**ציִיטעל.** (לייגט אַנידער שואל'ן) ער האָט זיך קיין מאָל ניט בעקלאָגט...

**דאָקטאָר.** שעהן!.. אַ טינט און פעדער איז דאָ בײַ אַייך?

**ציִיטעל.** [צו פּינחס'ן] חאַפּ זיך אַרײַן צו אַ שכן בעט אַ טינטען פעדער.

**פּינחס.** [אײַלענדיג] די מינוט.

**דאָקטאָר.** (צו שואל'ן) און דער קאָפּ טהוט וועה?

**שואֵל.** דער קאָפּ... אַלע גליעדער, יעדער גליעד בעזונדער טהוט מיר וועה.

**ציִיטעל.** (רוקט צו אַ שטוהל), זעטצען זיי זיך הערר דאָקטאָר.

**דאָקטאָר.** (נעהמט פון איהר האַנד דעם שטוהל און זעצט זיך ענטקעגען קראַנקע).

**שואַל.** ניטאָ קיין כוחות... ווי אימיצער וואָלט זיי צוגענומען...

דאָקטר. געגוג, רעדט ניט קיין סך (פינחס קומט צוריק מיט טינט און אַ פעדער אין האַנד, נאָך איהם קומט אריין קיילה).

פינחס. (טראָגט אונטער דעם דאָקטאָר די טינט און פעדער) צו צווייען געמוזט לויפען, איידער איך האָב געקראָגען.

קיילה. (געהט צו צום בעט און שטעהט אָהן ווערטער).

דאָקטאָר. (צו צייטלען) דאָס איז אייער מוטער?

קיילה. יע... וואָס איז העדר דאָקטאָר? וואָס? ס'איז דאָ אַ האָפנונג ער זאָל אין גיכען פון בעט אַראָב?

דאָקטאָר. איך דיינק...

קיילה. ווי געפינט איהר איהם?

דאָקטאָר. די ברוסט איז איהם שוואַך... ער האָט קיין כח...

קיילה. (שאָקלענדיג מיט'ן קאָפ) פון וואַנען זאָל ער האָבען כח...

דאָקטאָר. (נעהמט אַרויס פון טאַש אַ קליין ביכעל, לייגט אויפ'ן קניע און שרייבט. אין שטוב איז שטיל) ער האָט קיין מאָל געשפייט מיט בלוט? (קוקט אויפ'ן חולה).

ציטעל (גיט זיך אַ טרייסעל).

קיילה, ניין, (שפייט אויס אָן אַ זייט).

דאָקטאָר. (רייסט אַרויס דאָס פערשריבענע בלעטל פון ביכעל) דאָ האָב איך אייך פערשריבען אַ רעצעפּט, איהר וועט אַוועקגעבען מאַכען איהם, אין אַפטייק. איינמאָל אין צוויי שעה צעהן טראָפּען אין אַ טעה לעפעלע וואַסער. (קוקט אַרום) דאָ מאַכט מען ביי אייך פּאַפּיראָסען, וואָס־שיינליך אין שטוב הערט זיך דער טאַבאַק. דאָס איז אַם געפעהרליכסטען פאַר קראַנקע (אין קיילה'ס זייט) און איבערהויפּט פאַר אַזאַ שוואַכע ברוסט ווי ביי אייער מאַן איז...

קיילה. (דורך טרעהרען) דער ביטערער מזל מיינער, דאָס





איז אונזער גאַנצע פרנסה... אונזער שטיקעל חיונה... פריהער פלעגט ער עפּעס פאַרדינען—די קינדער האָבען געטאָהן אין פאַבריקע—געקאַפּאַיעט זיך...—אַנ'אַרבעט אַפינסטערע... אָהן הערצער זיינען זיי געבליבען...

ציטעל. איך בין געזונד; איך פיהל מיך גאָרניט, איך...

דאָקטאָר. אָבער דער טאַבאַק דאָס איז „אַ סם" פאַר'ן קראַנקען רייגע גיפט, און אויב איהר ווילט נאָר, אַז ער זאָל געזונד ווערען, זאָ מוזט איהר זעהן דעם גיפט צונעהמען, ער האָט געקעט בלויז צוליעב דעם טאַבאַק אַליין זיך אַנידערלעגען.

ציטעל. אפשר קאָן מען איבערצאַמען מיט אַפּאָרהאַנג.

קיילה. וואָס איבערצאַמען?

ציטעל. צווישען טיש און צווישען בעט פאַרהענגען מיט אַפּאָרהאַנג.

דאָקטאָר. (מיט אשמייכעל) דאָס וועט גאָר נישט העלפען (נעמט זיין מאַנטעל).

קייל. (זוכ המאין קעשענע, רופט אָב צייטלען אָן אַ זייט.)

דאָקטאָר. (בעמערקענדיג וואָס קומט פאָר) מען דאַרף ניט; ס'איז ניט נעטהיג קיין געלד, (קיילה און צייטעל בלייבען אווײלע פערוואונדערט שטעהן אויף איין אָרט, קוקען אויפן דאָקטאָר.)

קיילה. א... אַדאַנק, מחמת דעם האָבען מיר טאַקע ביז אַהער ניט גערופען קיין דאָקטאָר... משמרת חולים רעצעפּטען... (עס האקען איהר זיך אָפּ די רייד.)

דאָקטאָר. אַ דאָקטאָר האָט איהר געדאַרפט רופען. עסען קענט איהר איהם געבען וואָס ער וועט וועלען אויסער ביטערע זויערע ניט. און דער טאַבאַק אָט וואָס... מאָרגען וועל איך קומען נאָך אַמאָל... אַגוטען טאָג... (געהט אָב).

ציטעל. אַטייערער מענש.

פּינחס. אַגוטער מענש.

קיילה. (נאָך אַקורצען שווייגען) וואָס האָב איך געקענט טהאָן און וואָס האָב איך געוואָלט טהאָן... איך האָב אין קעשענע סך הכּל געהאַט צוועלף קאָפּיקעס, האָב איך איהם געציטערט צו געבען טאָמער ווערט ער אין כּעס און וויל גאָר ניט נעהמען... נאָר זעה נאָר, ווי ער האָט אַלץ פערשטאַנען!

פּינחס. איך וועל געהן און אוועקגעבען דעם טינטען פעדער, (נעהמט דאָס טינט און פעדער און געהט אַרויס,)

קיילה. (צו שואלן) נו ווי פילסט זיך איצטער?

שואל. (קרעכצט).

קיילה. אַזוי שלעכט איז דיר?...

שואל. (רעדט מיט גרויס מאַטערנעס) כ'האָב געזאָגט אַז דער טאַבאַק... דער טאַבאַק פרעסט מיר אויף... מיין קוילער... מיין... (פערהוסט זיך)...

ציטעל. אפשר זאָל מען בעטען ביי צביהן זי זאָל אָבטרעטען איהר שטוב, און ביז וואַנען דער טאַטע וועט געזונד ווערען, וועט זי שלאָפען דאָ ביי אונז.

קיילה. מען קען דאָס פון איהר ניט פערלאַנגען, זי איז דאָך מיט אַ קליין קינד. וואו איז זי יעצט?

ציטעל. (בלייבט שטעהן—טיף פערטראַכט).

קיילה. (צו ציט׳עלען מיט דאגה) וואָס האָסטו זיך אַזוי פערקלערט? (קוקט דורכדרינגענד אויף איהר).

ציטעל. (האַפּט זיך אויף) אָט אַזוי... גאָרנישט, וואָס זשע וועט זיין?

קיילה. גאָט ווייס.

ציטעל. איבערצאַמען דאַרף מען, מען מוז.

פּינחס. (קומט אַריין).

ציטעל. מען דאַרף אַרויסנעהמען די איבריגע געלד פון באַנק, וועט דאָס זיין אויף אַ דאָקטאָר, און אויף רפואות...





פּינחס. (נעהמט אַרויס פון קעשענע אַהאַלבען רובל און דערלאַנגט קיילהן) נאַט אייך געלד. מען דאַרף באַלד געהן מאַכען דעם רעצעפּט.

קיילה. (זיפצט זיך אָב, נעמט ביי איהם דאָס געלד) כ'וועל דיר אַוועקגעבען אם ירצה השם... נשקשה... דער אויבערסטער האָט זיך נאָך אין גאַנצען ניט אָבגעטאָן פון אונז... וואו איז די פּאַטשיילע, מיין טאָכטער... זיין חסד איז נאָך גענוג גרויס... (זוכט מיט די אויגען אַרום) די אַלטע פּאַטשיילע מיין קינד גיב מיר...

ציטעל. (טראָגט איהר צו די פּאַטשיילע).

שואל. (מיט אַ שוואַכע שטים) קיילה!... קיילה!...

קיילה. (געהט צו).

שואל. אפשר קאָנסטו מיר קויפען אַנ'אַפּלעצין... אַנ'אַפּלעצין אָה, אַברעקיל אַפּלעצין... כ'וואָלט זיך גאָר מחיה געווען... וואָס האָט דער דאָקטאָר געזאָגט?

ציטעל. וועסט אין גיכען געזונד ווערען זאָגט ער.

קיילה. (צו ציטלען) מיר דאַכט זיך אַז ביי דיר איז געוועזען קליין געלד; גיב מיר אויף צוקאַוועסן.

פּינחס. אפשר דאַרף מען אַריבערגעהן אין משמרת חולים, נעהמען ביי זיי אַצעטעל?

ציטעל. (דערלאַנגט קיילהן צוועלף קופּערנע מטבעות) כּל זמן מען קען דאַרף מען אַהין ניט געהן.

קיילה. (זיפצט געהט אַרויס).

ציטעל. (דעקט צו מיט אַ בויגען פּאַפּיר דעם טאַבאַק וואָס ליגט אויפן טיש) מען מוז דאָס נאָך האַלטען דעם סם אויפן טיש... אַנ'אייגענעם מלאך המות! אַך... ווי ווערט מען פּטור פון איהם. (זעצט זיך ביים טיש, און שפּאַרט זיך אָב אויפן האַנד).

פִינחס. (זעצט זיך נעבען איהר) וואָס בִינסטו אַזוי צוקלעמט?

צִיִיטעל. לאָז מִיר צורוה... לאָז... (דריקט מיט די האנד אויפֿן ברוסט. (אַדריקענדע שטילקייט).)

שואֵל. (הוסט).

צִיִיטעל. (שטעהט אויף, געהט צו צום קראנקענס בעט), טאַטע אֶפשר וועסטו נעהמען אַבִיסל מִילך? עֶר שלאָפט שֵיין ווייַטער כ'ווייס אַליין נִיט צו עֶר שלאָפט דאָס אַלץ, צו דאָס אִיז פון שוואַכקייַט, ווי שווער אִיהם אִיז צו אַטהעמען!

פִינחס. (געהט צו צום בעט) עֶר שלאָפט דאָך, דו זעהסט נִיט. (קערט זיך ווידער אום אויפֿן אָרט).

צִיִיטעל. (קערט זיך אום פֿון קראנקענס בעט) גאָט ווייס ווען עֶר וועט בעסער ווערען! (זעצט זיך אנידער פער-הוסט זיך).

פִינחס. דו האָסט אויך אָנגעהויבען הוסטען די לעצטע צייַט.. בִיזט אַזוי אַראָב פון צורה... (ראָיעט מִיט'ן פִינגער אִין דעם טאַבאַק) דאָס צִיהט אַלץ אִין זִיך אַרייַן אָט דעם שטויב פון טאַבאַק. דאָקטוירים זאָגען, אַז דאָס אִיז אַגעפֿערלִיכע זאַך צו די לונגען...

צִיִיטעל. (פֿערקלערט זיך שטארק).

פִינחס. בִיזט אומעטִיג... און פאַר וואָס קען אִיך נִיט קלוג ווערען, אַז אִיך זִיטץ לעבען דיר, רייַסט מִיר עפעס דאָס האַרץ, מִיר ווערט אַליין אויך אומעדִיג, נִיט יוִיסענדִיג פאַר וואָס, מִיר האָבען דאַכט זִיך געדאַרפט זייַן פֿרעהלִיך. פערקעהרט... דו זאָגסט אֶפֿשר...

צַייטִיל. (אויִפגערעגט) הער אויִף... ס'אִיז מִיר אִיצט שווער אויסצוהערען אַלע רייד, (קלערט אווילע) אִיצט דאַרף מען שייַן אָן אַלץ פערגעסען. אַ מאַך טאָהן מיט'ן האַנד אויף אַלץ...

פִינחס. (שפארט איין מיט די אויגען אין איהר) אוידער





דער דאָקטאָר אִיז געקומען האָסטו רק אָנגעהויבען מִיט אַהאַלבען לשון וואָס אִיך האָב אַ וואָרט נִיט פערשטאַנען, און אִיצט ווידער נאָך אַ מאָל די זעלבִיגע, שוין דרייַ יאָהר אַז מִיר קענען-זִיך, און דו דערצעהלסט רק עפעס נִיט... עפעס בעהאַלסטו פון מִיר, און דו נעמסט מִיר דערמִיט אַשטִיק האַרץ אַרויס... דו מייַנסט אַז אַזאַ נאַר בִין איך, אַז אִיך פערשטעה גאָר נישט... אִיך פערשטעה גוט...

צִיִיטעל. וואָס פערשטעהסטו?

פִינחס. אִיך פערשטעה גוט... אַחוץ דעם טאַטענס קראַנ-קהייַט אִיז דאָ עפעס פאַראַן נאָך אַזאַך, און דערמִיט שטִיקסטו זִיך, ווילסט מִיר נִימ אויסזאָגען, האָסט מורא... און פאַר וואָס זאָל אִיך דאָס נִיט ווִיסען? אִיך מעג דיכט זיך אַלעס ווִיסען...

צִיִיטעל. האָסט אַטועת, דו פערקלערסט, עֶר ווייס ויִאָם... אָבער דו האָסט אַטועה—אִיך זאָג דִיר נאָך אַמאָל...

פִינחס. אויב אַזוי, וואָס זשע נעמסטו מִיר מייַן געזונד אַרוים?

צִיִיטעל. אַז אִיך ווִעל דִיר אויסזאָגען דעם גאַנצען אֶמת וועט דִיך אַסך מעהר געזונד קאָכטען, ווי אִיצטער... (פאַר הוסט זיך).

פִינחס. מִיר דאַרפסטו אַלץ דערצעהלען...

צִיִיטעל. (שטעהט אויף און גיט אקוק צום קראנקענס בעט) און וואָס וועט דערנאָך זייַן... עֶר שלאָפט (קעהרט זיך אום אויף איהר אָרט) וואָס וועט דער נאָך זייַן? (שטיל)

פִינחס. (ענערגיש) בעסער ווִעל אִיך שווייַגען...

צִיִיטעל. אויב דו עקשהנת'ט זִיך אַיין ווִעל אִיך דִיר דערצעהלען (שטִיקט זִיך מִיט די ווערטער) בייַ מִיר אָיז נאָך אַלעמען.

פִינחס. (ערשראָקען) וואָס נאָך אַלעמען.

צ י.י.ט עָ ל. (קוקט זיך ארום ווערט טוידטבלאַס) מיר איז ניט גוט...

פ י נ ח ס. וואָס ביזטו אַזוי בלאַס געוואָרען מיט אַמאָל...

צ י.י.ט עָ ל. (פאנגט אן זיך טרייסלען אין קעלט) איך האָב געזאָגט... (מיט טרעהרען) איך האָב געמיינט אַז איך וועל קענען... סוף כל סוף נאָך אַזאַ בזיון, פינסטערן לעבען, אַמאָל אויסרוהען די ביינער. לעבען אַ לעבען מיט מענשען גלייך: — אָבער איצט... (גיט אַ הוסט, שפייט אוים מיט בלוט) נאַ דיר נאַ... גיב אַקוק...

פ י נ ח ס. (פערווירט) וואָס?... בלוט... דו שפייסט מיט בלוט?!...

צ י.י.ט עָ ל. גענוג איצט, זיץ און וואַרט אויף איין זאַך נאָר...

פ י נ ח ס. (ערעגט) דאָס איז שוין לאַנג... אַז דו... שיין לאַנג?... און דו רעדסט אַוואָרט ניט, וואָס האָסט דו ביז ערסט אַוואָרט ניט דערצעהלט... מען האָט דאָך געדאַרפט פרעגען אַ דאָקטאָר...

צ י.י.ט עָ ל. (ווישט די אויגען) וואָס האָב איך וואָס צו פרעגען? וואָס וועט שוין איצט העלפען דער פרעגען? זאָ ווי זאָ איז דאָך אַזאַך וואָס פערפאַלען... צו וואָס איז די רייד...

פ י נ ח ס. (שלאגט איהר איבער) וואָס רעדסטו נאַרישקייט וואָס רעדסטו?... מען מוז... (דער קול האַקט זיך אים אָב) וואָס רעדסטו אַזיינע רייד?... (ער וויינט, זיך אָבשפארענדיג אויפן האנד).

צ י.י.ט עַ ל. וואָס זאָל איך דערצעהלען... און צו וואָס זאָלסטו זיך אָבעסען די האַרץ, און צווייטענס... האָץ דו ביזט אַנ'איינגענער מענש, — פון דעסטוועגען... צו וואָס זאָל איך דיר דערצעהלען, אַז איך בין אַ געפערליכע!...

פ י נ ח ס. אָבער הער זיך אויף צו מאַכען נאַריש — הער אויף





ביזט נאָך ניט אַזאַ געפערליכע... דו וועסט נאָך ווערען געזונד! גלויב מיר, צייטעל, דו וועסט זיין אַגעזונטע...

צ י.י.ט עָ ל. טו פאַר וואָס ביזטו אַטויטער געוואָרען, דערזעהענדיג די בלוט?

פ י נ ח ס. אַטויטער?!... איך האָב זיך דערשראָקען... בלוט אַשפּילכעלע איז דאָס וואָס (אשטילקייט)?

צ י.י.ט י ל. אַז איך וואָלט דאָס גערעכנט אויף אַ חדש, אויף איין הדש האָץ... ניִשט אָנזעהן דעם טאַבאַק... אַרויסהאַפען זיך דאָ פון קעלער... איך פיהל, איך פיהל... אַז דער טוידט...

פ י נ ח ס. (שלאָגט איהר איבער) וואָסער טוידט, רייד ניט אַזעלכע רייד, איך בעט דיר, זאָג בעסער, ווען האָסטו זיך אַרום געזעהן, אַז דו ביזט קראַנק?

צ י.י.ט עָ ל. נאָך אין פאַבריקע האָב איך געפיהלט ווי איין וועהטאָג... די טאַבאַק האָט זיך מיר ביסלעכווייז, אַלץ מעהר און מעהר איינגעגעסען אין די ביינער, געשפאַרט נעשפאַרט אויפן האַרצען, נאָר דאָרטען האָב איך אויף דערויף ניט געקוקט; צווישען מענשען פיהלט זיך דאָס אַזוי ניט: אויפן זינען איז מיר ניט אַרויף געקומען אַז איך בין אַ מענש אַפערלאָרענער... נאָר דאָ איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרען מיט אַמאָל...

פ י נ ח ס. אין פאַבריקע נאָך, (אדריקענדע שטילקייט, (ערעגט) צייטעל! (נעהמט איהר אָן ביים האַנד).

צ י.י.ט עָ ל. וואָס.

פ י נ ח ס. (מיט א זיכערע שטים) דו וועסט זיך פון דאַנען אַרויסקלייבען, אויף אַ חדש צייט וועסטו זיך פון דאַנען אַרוים קלייבען — דו הערסט?

צ י.י.ט עָ ל. (קוקט איהם אן) וואוהין? מיט וואָס?

פ י נ ח ס. מיר וועלען אויפזוכען אוואַרעמען צימער... דו

וועסט זיך אַרויסקלײַבען... איבערגוואַלד וועל איך דיר אַרויס נעהמען פון דאַנענט.

ציִיטעל. און דער טאַטע?

פּינחס. דו קענסט איהם מיט גאָר ניט העלפען. און רשיל איז דאָך אין שטוב.

ציִיטעל און ווער וועט זיי געבען אויף חיונה?

פּינחס. איך... (ענערגיש) צייטעל! (ציהט איהר פאַר'ן אַרבל) פאָלג מיך, דו מוזט מיר פאָלגען... איך וועל פערדינען... איך פערדינען דאָך... וואָס וועסטו צו לייגען?..

ציִיטעל. און מיט וואָס וועל איך לעבען... איך וועל דאָך גאָר ניט טהאָן... מען דאַרף דאָך לעבען!..

פּינחס. (נעהמט איהר אָן פאַר'ן האַנד) גיב אַ קוק (ווייזט אויף זיין רעקעל) מיין סורדוציק, מיין לעצטען סורדוציק! וועל איך פערקייפען, צו וואָס דאַרף איך איהם?.. (רייסט אַרונטער פון זיך דעם זייגער מיט דער קייטעל) דאָס דאַרף איך אויך ניט... אַלץ פערקויפען!... ביזן לעצטען פאָדעם זיך פערקויפען, און דו וועסט זיך קענען אָברוהען!.. דו הערסט צייטעל?..

די פאַבריקע, און ווער איז שולדיג אין דעם? ווער האַ? דו האָסט מיר די מינוט געדאַרפט דערצעהלען (דורך טרעהרען) איך וועל דיר לאָזען פאַלען... איך... דו ווייסט, דוכט זיך, דו קאָנסט מיך,—דו קאָנסט מיר נאָך ניט צייטעל... (טרייסעלט איהר האַנד) איך זאָג דיר, אַז דו קאָנסט מיר נאָך ניט... איך זאָג דיר... (שטיל. ער קוקט איהר שאַרף אָן).

ציִיטעל. די מאַמען קען איך דאָס ניט דערצעהלען... איך קאָן דעם טאַטען אַזוי ניט לאָזען, און צווייטענס—ווי אַזוי?.. שוין וועל איך קענען אפילו אויף אַמינוט לאָזען אָט די שטוב אַזוי?.. (פערקלעהרט זיך אַ רגע) איך קען דאָס די מאַמען ניט דערצעה־לען, איך קען ניט...





פּינחס. צייטעל!..

צייטעל. בשום אופן ניט! (פערצווייפעלט) וואָס ס'וועט זיין וועט זיין...

שואל. ציי־טעל.

ציִיטעל. (געהט צו)

שואל. (שווער) מיר איז זעהר שלעכט.. האָט מען גע־בראַכט די רפואות?

ציִיטעל. מען איז אַוועק, טאַטע, אין אַפּטייק. ס'איז דיר אַזוי שלעכט, טאַטע?

שואל. וואָס האָט געזאָגט דער דאָקטאָר?

ציִיטעל. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דו וועסט אין גיכען געזונד ווערען (פינחס געהט צו צום בעט).

שואל. (מיט אַ זיפץ) גאָט ווייס, אַ־אַה, גאָט ווייַ־ס... פינחס?..

פּינחס. איך, וואָס מאַכט איהר?

שואל. אַז איך וואָלט געקענט אויף אַ רגע.. אַרויסגעהן פון דאַנען... אויף אַ רגע... איך האָב קיין אַטהעם ניט... איך ווער אַ דערשטיקטע... דער טאַבאַק... (שלאָפט איין).

ציִיטעל. (שטיל) ער איז אַנטשלאָפען געוואָרען (טרעט אָב פון טיש אויף די שפּיטץ פינגער. הינטער איהר געהט נאָך פינחס)

פּינחס. (נאָך אַ קליינעם שווייגען) מיין זייגער וועל איך מעהר ניט טראָגען... ניט טראָגען איהם מעהר...

קיִילה. (קומט אַריין) נו וואָס הערט זיך? אַ האַלבען רובל קאָסט די רפואות; אין אַ האַלבע שעה אַרום וועט זיין פאַר־טיג... ווי האָט ער געשלאָפען? (געהט צו צום בעט) ער שלאָפט... רק ער שלאָפט, וואָס שלאָפט ער דאָס רק? (טרעט אָב פון בעט) אפשר וועט זיך גאָט מרחם זיין, — (קוקט זיך איין אין צייטלען) ואָס איז מיט דיר? זעה ס'אַר אַ צורה דו האָסט?

צ ײַ ט ע ל. וואָס פאַר אַ צורה זאָל איך האָבן? די גרויסע נחת... האָסט וואָס געגעסן, מאַמע? דו האָסט דאָך אַ גאַנצן טאָג נאָך אין מויל ניט געהאַט...

ק י ל ה. איך?... ביזט גאָר אַ קינד; וואָס האָסטו זיך פער'דאגה'ט פאַר מיר?... (צײַטעל טרעט אָב אין אַ זייט און רייבט די אויגען) הער אויף צײַטעל, וואָס קאָן מען העלפען? אֶפשר וועט דער אויבערשטער פאָרט רחמנות האָבען... און דו האָסט עפּעס געגעסן?...

צ ײַ ט ע ל. כ'האָב געגעסן...

ק י ל ה. (פערצווייפעלט) קלערען... ווי אַ מענש טאָר דאָס ניט קלערען... ווי מען טאָר דאָס ניט... איך האָב געמיינט: אָט די קינדער ווערען גרעסער... וועט אַביסעלע גרינגער ווערען... און האָסט דיר היינט מיט אַ מאָל... די קינדער אָהן אַרבײַט, ער קראַנק... מהו... (צו געדעקט דעם טאַבאַק) און זי — אוהר פּנים, ווער זעהט ווי זי ווײַזט אויס, אַז עס וואָלט זיך דאָך עפּעס מאַכען אַנ'אַנדער מין פאַבריקע, אַנ'אַנדער סאָרט אַרבײַט... וועלכע עס איז און איצט גאָט ווייס... וואָס זאָגט מען אין שטאָדט ס'איז גאָר קיין האָפנונג ניטאָ מעהר...

פּ י נ ח ס. די פאַבריקע... וואָס איז די גליקען אינפאַבריקע?.. וואָס האָט מען פון איהר?..

ק י ל ה. וואָס רעדסטו עפּעס?.. סטײַטש וואָס האָט מען פון איהר; און ברויט דו שפּיעלסט זיך הײַנטיגע צײַטען וואָס? ווי ניט, וויפיעל זיי האָבען דאָרט ניט פערדיענט האָבען זיי פאָרט פערדיענט; פון דעסט וועגען ווי זאָגט מען, איז אַלץ געווען מיט אַ דרך... איך אַליין...

ש ו אַ ל. קײַלה!.. קײַלה!.. דו ביזט דאָ?

ק י ל ה. (געהט צו צום בעט) דו ווילסט עפּעס וואָס?

ש ו אַ ל. (שווער) ס'איז מיר שלעכט... שלעכט... איך





ווער אַ דערשטיקטער... כ'האָב ניט מיט וואָס צו דישען... אֶפשר איז דאָ אַנ'עצה וואָס ניט איז...

פ י נ ח ס. אין הקדש אֶפשר?..

ק י ל ה. אין הקדש' אויב מען, וועט צונעהמען.

ש ו אַ ל. (זיפצט) נ-נײן... ניט אין הקדש... דאָ אין שטוב... ס'איז מיר שלעכט... די כוחות געהען מיר אויס... ברײַנגט די רפואות... דעם טאַבאַק, נעהמט צו... אָי... דער דאָקטאָר... וואָס האָט געזאָגט דער דאָקטאָר?

ק י ל ה. וואָס פאַר אַנ'עצה קען מען זיך געבען? וועה איז מיר, וואו ווענדט מען זיך, צו וועמען ווענדט מען זיך!..

ש ו אַ ל. ניט אין הקדש נאָר... נײן... דאָ אין דער היים... בײַ זיך אין די אייגענע פיער ווינקלען, דאָ... ווער ווייס... אויף מײַן אייגענע בעט... (פויזע).

ק י ל ה. אֶפשר דיר געבען עפּעס וואָס אין מויל, שואַל, האַ? ער שלאָפט ווײַטער, אַפערמאַטערטער געוואָרען. פון שוואַכקײַט, אַלץ ער שלאָפט... (טרעט אָב פון בעט) די שטוב, די שטוב, קוילעט איהם אַוועק (קוקט זיך אַרום) אַגעזונדער קען דאָ קראַנק ווערען, אַפשיטאָ שוין אַ קראַנקער מענש, און נאָך מיט אַזאַ קראַנקער האַרץ ווי ער איז... אֶפשר זאָל מען אויפזוכען אַנ'אַנדער דירה? מען וועט אַרויסנעהמען די קינדערשע געלד פון באַנק...

פ י נ ח ס. מען מוז דאָס טהאָן, אַז מען מוז, מוז מען, חאָץ איבערגוואַלד, דאַרף מען זעהען אַ דירה.

ק י ל ה. איבער געוואַלד... אָבער וואו זוכט מען? אֶפשר וואָלט מען געקענט חאָץ קריגען אַ קעלער, אַ העכערען אַביסל, ניט אַזוי טיעף אין דר'ערד. די פענסטער זאָלען לכל הפחות אַרויס צום גאַס צו (פערטיעפט זיך אין איהרע געדאַנקען) אַזאַך וואָס קען ניט געמאָהלט זײַן...

פ י נ ח ס. צײַטעל טאָר דאָ אויך ניט זײַן.

קיילה. אודאי טאר זי ניט, מיר טארען דא קיינער ניט זיין, דא איז א סם המות פאר אלעמען ב"ה.

פינחס. ניין, זי די ערשטע טאר ניט זיין... זי טאר ניט; זי שפיעלט דא מיט'ן לעבען, דא אין קעלער, דא...

קיילה. אודאי... זי איז א שוואכע... קוים וואס די נשמה האלט זיך נאך איין אין איהר...

פינחס. איהר קאנט גאר איהר ניט פערשטעהן, איהר ווייסט ניט... זי טאר ניט; זי מוז ענטלויפען פון דאנען... ענטלויפען מוז זי... איך וועל אליין זעהען, זעהען, אז זי זאל פון דאנען ענטלויפען...

קיילה. (א דערשראקענע שפארט זי איין די אויגען אין פינחס'ן) וואס איז, רייד גאנצע רייד, איך ווער משוגע, וואס בעהאלט מען פון מיר?.. האט זיך עפעס געטראפען וואס?

פינחס. עס האט זיך גאר נישט געטראפען, גאר נישט, אבער זי.

קיילה. (געפיהלפאל) זאג מיר, דערצעהל מיר נאר וואס האט זיך געטראפען?.. דערצעהל... מיר וועסטו ניט אבנארען.. איך בין דאך א מאמע!..

פינחס. (גאנץ פערלארען) גאר נישט, גאר נישט, קיין שום זאך נישט.. נאר זי אליין וויל ניט קאן איך גאר ניט דערצעהלען.

קיילה. (נעהמט אן פינחס'ן פאר'ן ארבל) פינחס, קינד מיינער, דערצעהל מיר, לייג מיר ניט קיין שטיין אויפן הארצען, האב רחמנות, דאס וואס דו בעהאלסט, איז מיר נאך טויזענדער מאהל שווערער... כ'וועל ניט אויסהאלטען. זאג!.. ווער זאל וויסען אז ניט א מאמע?..

פינחס. קיין זאך האט ניט געטראפען, אט אזוי זיך...

קיילה. ניין, ניין, כ'וועל דיר ניט אבלאזען, ניין... דו מוזט... א מאמען קען מען ניט אבנא'ען... אלץ וועסטו מיר דערצעהלען... מיין הארץ זאגט מיר עפעס... (וויינט) פינחס!.. (קוקט





איהם גלייך אין די אויגען אריין).

פינחס. (רייבט מיט'ן פינגער די אויגען) זי האט מיר היינט געזאגט, אז זי איז קראנק.. זי שפייט מיט בלוט.. זי האט געזאגט...

קיילה. מיט בלוט?! וואס? ווער מיט בלוט? צייטעל? (זי זוכט אזוי ווי ארום עפעס) וואו איז זי? וואו איז זי אוועק? וואו איז זי אוועק? ווער, וואו? וואוהין איז זי ארויס? צייטעל? (קוקט צום טהיר צו) צייטעל! לעבען מיינער! (איילט זיך ארויס צו געהן. פינחס בלייבט שטעהן אווילע צומישט, און געהט באלד אויך ארויס. פויזא).

שואל. (זיפצט) הא!.. כ'ווער דערשטיקט... ניטא קיין לופט. (פרובט אויפהייבען דעם קאפ, פאלט צוריק אויפ'ן קיסען) א קאפ, א קאפ לופט!..

[דער פארהאנג פאלט.]



# דריטער אקט.

---

די דעקאראַציע ווי אין די פריהערדיגע אַקטען. ערב שבועות האלבען טאג אין מיטען צימער שטעהט קדיש און האַלט אויפן האַנד צביה'ס קינד. צביה בעט אויס אַ בעט, סטארעט זיך מאַכען דאָס געלע-גער וואָס ווייכער. פון צביה'ס צימער געהט אַרויס קיילה און רשיל, און האַלטען צייטלען אונטער די אַרעמ'ס.

צ ב י ה. די בעט איז שיין אויסגעבעט!

צ י י ט ע ל. (אנגעטאן אין א לאנגע ווייסע העמד, מיט א דין טיכעל אויפ'ן קאָפּ, דאס געזיכט זעהר אַיינגעפאלען, נאר אין די באקען שפּילט ארויטקייט, רעדט שווער) פון דעסטוועגען... דאָ איז בעסער... דאָ—אָה איז גרינגער צו אַטהעמען... דאָרטען האָב איך געמיינט כ'וועט דערשטיקט... (הוסט).

ק י י ל ה. פאַר אַיאָהרען האָב איך גאָר ניט געפיהלט ס'אַר אַגליקליכע איך בין געוועזן.

צ י י ט ע ל. (קוקט מיט שרעק און חשד אויף דאס בעט) ניין... ניין אין די בעט וויל איך ניט... איך וויל ניט איהר, בעט מיר אויס אין יענע בעט...

ק י י ל ה. וועה איז מיר... מיר וועלען דיר לעגען אין יענע בעט... שפּאַר זיך אָב אויף מיר, מיין גאָלד. צביה, רשיל, טראָגט אַרויס יענע בעט אויף וועלכע זי איז געלעגען (צייטעל בלייבט אָנגעלעהנט אויף קיילהן, צביה און רשיל איילען זיך אין צווייטען צימער) ס'אַר איין אויסגוס ס'איז דאָס אויף מיר, רבש"ע?

צ ב י ה. (טראגט מיט רשיל'ן דאס בעט) פערלירט ניט





דעם בטחון קיילה, מען טאָר ניט פערלירען דעם בטחון... ביי'ם אויבערשטען איז אַלץ מיגלאַך, זיין ווילען זאָל נאָר זיין דערביי... עס געהט צו זומער... צייטעל וועט אי"ה נאָך קומען צו איהר געזונד.

ק ד י ש. (צו צביהן) אָט אזוי געהט... אהער, לינקס צו, אָט אַזוי.

צ י י ט ע ל. שטעלט אַוועק די בעט אָט דאָ אין מיטען (ווייזט אָן מיטן האנד ארום) ענטגעגען פענסטער, די שיין... כ'וועל זעהן...

ק י י ל ה. גוט מיין קינד, מיר וועלען דיך אַיועקלעגען דאָ... דער ליבער זומער וועט קומען... גאָט וועט אונז ניט פערלאָזען, טאָכטער'ל.

צ י י ט ע ל. גי-יכער... כ'האָב קיין כח ניט אַיינצושטעהן אויף די פיס...

ר ש י ל. שוין ווייך (קלאפּט אויף די פערענע ס'זאָל זיין ווייכער, העלפט אנידערלעגען צייטלען).

צ י י ט ע ל. (ליגט) אֶפשר וועט מיר דאָ זיין אַקאַפּ פריייער.

ק י י ל ה. מיר האָבען דיך אַרויסגעפיהרט אַהער... אֶפשר אין אַזאַ גוטע שעה, און דער אויבערסטער וועט צוזעהן מיין עלענד... מיין פערטרוויערט האַרץ (דורך טרעהרען) וואָס וואָלט איך פערלאננען פון גאָט ווען ער וואָלט מיר איבערגעלאָזען ביי פריערדיגען שטאַנד מיינעם?... וואָס האָט מיר געפעהלט, אַז מיין מאַן און מיינע קינדער זיינען געוועזן מיט מיר? צו האָב איך זיך ווען בעקלאָגט, אַז מיר איז שלעכט? איך בין איביג גע-ווען צופריעדען...

צ ב י ה. (נעהמט צו דאס קינד פון קדיש'ס הענד (פייגעלע טייערער (קוסט עס).

ק י י ל ה. (צו צביהן) וואָס ביזטו שולדיג נעבאך, אַז דו

דאַרפסט זייַן מיט אונז אין איינעם, און דאָס אַלץ צוזעהן? דו האָסט דאָך געקאָנט זייַן אַ פרייַער מענש.

צביה. כ'האָב קיינמאָל ניט גערדאַגה'ט נאָר פאַר זיך אַליין אַז איינער זאָל דעם אַנדערן ניט העלפען אין אַ שלעכטע צייַט, — וואָלטען דאָך מענשען פאַלען אין די גאַסען.

קילה. מיט וואָס וועל איך דיר קענען באַצאָהלען פאַר אַלדעם-דינג?

צביה. זאָל אייך נאָר גאָט העלפען (פויזע).

קילה. (זיך צוקוקענדיג צו רשילען) איך קלער איהר בלי נדר שיקען אויף אַנ'אָרט? וואָס איז דאָס וואַרטעניש וואָס?...

רשיל. און ווער וועט זייַן אין שטוב?

קילה. איך אַליין.

רשיל. אַזוי ווילסטו? אַליין... און בייַ נאַכט — דו וועסט אַפנים קענען זייַן אויף אַגאַנצע נאַכט?

קדיש. בייַ נאַכט קען איך זייַן אויף.

רשיל. ניין; איך קען ניט לאָזען די שטוב אַליין; אויביג וועט זייַן מייַן האַרץ דאָ... שטענדיג וועל איך וועלען זייַן דאָ, הערען, זעהן, וואָס דאָ איז...

ציטעל. איך וויל אַז זי זאָל בלייַבען אין שטוב... ס'וועט מיר זייַן אומעדיג אָהן איהר... דאָ איז אַנ'אומעט... אָי ס'אַר אַנ'אומעט... ס'וואָלט זיך וועלען אַרויסגעהן אין דרויסען... ... אָבאַטהעמען זיך פריַי... חאַפּען אַפריש... ל ו-פט (גיט זיך אקעהר) אָבער איך קען ניט, הו... אַז אַלע זיצען אַרום מיך, דאַן פיהל איך ניט אַזוי... אַלע גליעדער ברעכען מיר... ניטאָ אַגליעדער, וואָס זאָל מיר ניט וועה טאָהן.

צביה. אוראַי, יעדער חולה איז אַזוי; אַז מען ליגט אַצייַט אָב אַלץ אויף איין אָרט, הויבען אַלע גליעדער אָן וועה צו טאָן (אקליינע שטילע).





קדיש. (צו זיך אליין) הייַנט איז ערב שבועות.

ציטעל. ערב שבועות איז הייַנט... א-ו-ו.

קילה. פאַר אַיאָהרען שבועות אין דער צייַט (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) אַודאַי ווייס גאָט וואָס ער טהוט (מיט אַווייכע שטים) ציימעל, נשמה מייַנע אפשר ווילט זיך דיר עפּעס וואָס?

רשיל. טראָגט אַרויס פון צביה'ס קאַמער אַ טאַץ אויף איהר קליינינקע פל'עשעלעך מיט רפואות, קעלישקעס און נאָך אַנ-דערע: שטעלט נעבען דער קראַנקעס בעט.)

ציטעל. איך דאַרף קיין זאַך ניט.

צביה. אפשר זאָלען מיר אַוועקגעהן פון בעט... אפשר וועט זי איינשלאָפען אַביסעל, בייַ נאַכט האָט זי דאָך ניט געשלאָפען, ווי עס בעדאַרף צו זייַן —

ציטעל. זיצט נעבען מיר... אַדרבא זיצט דאָ אַרום, ס'איז מיר פרייַאַטנער... וואו איז קדיש? אויביג בעהאַלט ער זיך, איך זעה איהם ניט.

קדיש. (טרעט נעהענטער) איך בין דאָך שטענדיג אין שטוב!

ציטעל. דו בעהאַלטסט זיך אויביג... וואָס האָסטו מורא צו זיצען לעבען מיר...? מיר איז בעסער אַז איך זעה אַלע-מען... כ'האָב אויביג מורא... מורא... אַיבערהויפט אַז איך חאַפּ מיר אויף... קוק זיך אַרום... און קיינער איז ניטאָ... דאַנ-כאָלכט איז מיר אַזוי ביטער... בייַ נאַכט... אָי די נעכט... אַז עס-יען וואָלטען געקענט... (פערהוסט זיך).

קדיש. דער דאָקטאָר האָט דאָך פערזאָגט דו זאָלסט ניט ריידען אַזוי פיעל, האָט ער געזאָגט.

צביה. אַודאַי איז ער גערעכט... ריידען אַ סך טאָר מען ניט (שטילע).

רשיל. איהר געדענקט, וואָס איז געווען פאַר אַיאָהרען ערב שבועות?

צביה. דאַמאָלסט איז נאָך דער מאַנמײַנער געוועזן היע... עס קען זײַן אין איאָהר אַרום וועל איך שוין אויך זײַן אין אַמעריקאַ.

ציִיטעל. איהר האָט בעקומען פון איהם אַבריעף?

צביה. דו געדענקסט? נאָך עהער-נעכטען האָב איך דיר דערצעהלט, אַז איך האָב בעקומען פון איהם אַבריעף.

קיִילה. מיט גאָט'ס הילף... נאָך אַחודש, נאָך אַחודש, און דו וועסט קומען צו אַנ'אַנדער שטאַנד.

ציִיטעל. ווי גוט... אַז איהר אַלע... אַז איהר אַלע זיטצט דאָ בײַם בעט.

צביה. דו וועסט געזונד ווער'ן און איך וועל נאָך טאַנצען אויף דײַן חתונה אין גיכען. (פויזע.)

קיִילה. הלואַי... (צו ציִיטלען) נו, איז דיר דאָ פרײַער?

ציִיטעל. דאָ איז אַנדערש... דאָ זעה איך אַמאָל די ליכטיגע שײַן... און דאָרטען אין קאַמער איז יעדער מינוט אַ יאָהר... אַ יאָהר איז יעדער רגע...

קדיש. אֶפשר גאָר עפענען דעם פענסטער.

ציִיטעל. מיר איז דאָ פרײַער אַביסל, איך וויל זיך אַוועק זעטצען אַביסעל, העלפט מיר, איך וועל זיך אַוועקזעטצען.

קיִילה און רשיל. (העלפען איהר).

ציִיטעל. אָה... אַלע גליעדער... ווען וועל איך שוין קענען אַראָב געהן פון בעט?... צביה, איך וויל איהר זאָלט מיר איבערלייענען דעם בריעף וואָס... איהר האָט בעקומען פון אַמעריקאַ...

צביח. אַדרבה... אַז איך זאָל נאָר וויסען, אַז עס זאָל דיר גרינגער ווערען אַ מינוט... וואָלט איך זיך מפקיר געווען (גיט אַטאַפּ אין קעשענע) אָט איז ער! (קוקט אויפן קאָנווערט) דאָס שרײַבט ער אַליין... ער שרײַבט גוט, יעדער וואָרט איז פּראָסט אַ חיות... (נעהמט אַרויס דעם בריעף פון קאָנווערט, און דערלאַנגט קדישן.) לייען דו איבער, קדיש... ער האָט מיר גע=



וואָלט אויסלערנען שרײַבען און לייענען איידער ער איז אַוועקגע= פאָהרען, האָט ער זיך בשום אופן ניט געקענט אָבריײַסען, ער איז אויביג געוועזן אַ פערנומענער...

קדיש. איך וועל ניט לייענען; רשיל וועט איבערלייענען.

צייטעל. רשיל, לייען מיר איבער דעם בריעף אָבער ס'איז מיר שווער צו זיטצען... ס'איז מיר שווער... האַלט מיך צו... כ'וועל זיך אַנידער לעגען...

קיילה. לעג זיך, מײַן טאָכטער (צייטעל לעגט זיך) אָט אַזוי טרייסט מײַנע.

צייטעל. לייען הויך... לייען...

רשיל. (לייענט) „צו מײַן טײַערע און געליבטע צביה, זאָל לעבען"...

צייטעל. ער שרײַבט אַליין?

צביה. אַודאַי, שרײַבט ער אַליין... ער קען דאָך רוסיש אויך... אַלע אַדרעסען שרײַבט ער אַליין...

רשיל. (לייענט ווייטער) ערשטענס קום איך דיר צו מעל-דען, מײַן טײַערע, אַז איך בין אַ לויב דעם עוויגען געזונד, גיבע גאָט פון דיר צו הערען גוטע נאַכריכטען, „אָמן". און צווייטענס קום איך דיר צו מעלדען, אַז איך פערדין מיט צוויי דאָלער מעהר, ווי איך האָב פערדיענט פריהער — דהײַנו — נײַן דאָלאַר אַ וואָך. אַלץ איז דאָ אַם בעסטען. פאָריגען שבת בין איך געגאַנגען דאַוו= נען האָט מען מיר מכבד געווען מיט מפטיר, נאָכהער, ווי איך בין געקומען נאָך הויזע, האָב איך זיך זעהר פערבייַנקט נאָך דיר... עס האָט זיך מיר פערוואָלט זעהר זעהען פײַבעלען. ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך בין שוין צעהן יאָהר, אֶפשר פון דער הײַם"...

קיִילה. אַז גאָט וועט איהם העלפען, וועסטו פאָהרען צו איהם.

צביה. אַודאַי וועל איך פאָהרען צו איהם; ווען האָב איך דאָ און וואָס האָב איך דאָ? דאָרטען שרײַבט ער מיר „מאַכט מען אַ לעבען" און דאָ פוילט מען מעהר ניט לעבעדיגערהייד.

ציִיטעֶל. (פאַנגט אָן צו וויינען, בעמיהט זיִך צו בעהאַלטען דאָס געזיכט).

קיִילה. טאָכטערל, קרײַן מײַנע, וואָס איז דיר געוואָרען, וואָס וויינסטו?.. ס'איז דיר ערגער געוואָרען, מײַן טאָכטער? (גלעט איהר איבערן קאָפּ).

רשיִל. לייענען דעם בריוו?

ציִיטעֶל. (כליפּעט).

קדיִש. אפשר זאָל איִך איהר געבען וואַסער.

קיִילה. (נעהמט אַרום צייטלען) צײַטעֶל, לעבען מײַנער וויין ניט, דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דיר איז גרינגער... הער אויף, האַלט זיך אײַן... פאַר וואָס בין איך בעסער ניט קראַנק געוואָרען אַנשטאָט דיר... הער אויף...

ציִיטעֶל. דאָ איז מיר בעסער... (שוואַך) ניט שוין בין איך ערגער פון אַלע אַנדערע מענשען... ניט שוין...

צביה. אַז איך בין אַלט געוועזען פיערצעהן יאָהר בין איך קראַנק געוועזען אויף אַ טיפוס; אַלע האָבען מיר אָבגעזאָגט דעם לעבען, קיינער האָט זיך ניט געגלייבט, אַז איך וועל פון בעט אויפשטעהן, און פון דערכטוועגען, אַז גאָט האָט נאָר געוואָלט אַז איך זאָל ניט שטאַרבען אין מײַנע יונגע יאָהרען... זעהט איהר דאָך, אַז איך בין געזונד, פריש, און איך האַלט מײַן פּײַבלען אויף די הענד.

רשיִל. און איך, און וויפיעל מאָל בין איך געוועזען קראַנק.

קדיִש. אַז דער טאַטע וואָלט ניט געלעגען אין קעלער...

צביה. אַ קעלער, אַ פּאַלאַטץ, וואו גאָט וויל קען ער צו שיקען די רפואה שלמה, ביי איהם איז קיין חילוק ניטאָ. (אַשטילע).

רשיִל. זאָל איך קאָנטשענען לייענען?

צביה. ס'איז שווער צו הערען... מען דאַרף ניט; גיב מיר איהם אַהער (נעהמט דעם בריוו ביי רשיל'ן).





ציִיטעֶל. מיר... מיר איז ניט שווער... נאָר (פּויזע) מאַמע!

קיִילה. וואָס איז דיר, טײַערע מײַנע?

ציִיטעֶל. וואָס מאַכסטו קיין זאַך אויף יום-טוב... הײַנט איז דאָך ערב שבועות, הײַנט...

קיִילה. וואָס איז מיר יום-טוב... (קלערט אַ רגע) וואָ-אָס? אוים יום-טובים פאַר מיר; אַז דער טאַטע וואָלט געלעבט, דו וואָלסט געוועזען געזונד... וואָס דאַרף איך... איך וואָס דאַרף? (הויבט אויף די הענד און ווישט די טרעהרען).

צביה. נעהמט ביי מיר אַ רובל און גרייט עפּעס אָן; מאַכט יום-טוב... אין שטוב וועט אייך זײַן אַביסעל פריהליכער... מען וועט אָנצינדען ליכט... מײַן מאַמע עליה השלום פלעגט זאָגען, אַז צוליעב דעם זכות פון שבת און יום-טוב העלפט גאָט... (נעהמט אַרוים פון קעשענע די בייטעלע) איהר דאַרפט ביי זיך אַזוי ניט פאַלען, איך האָב גערעכענט, אַז לכל הפחות, אַז איהר, קיילה, וועט זײַן אַ העלד; איז איצט — איז פונקט פערקעהרט... (דערלאַנגט איהר איינינגע מטבעות) אַ לעבעדיגער מענש דאַרף שטענדיג האָפען...

ציִיטעֶל. גרייט, מאַמע, עפּעס אָן... מיר וועט אויך זײַן פריהליכער...

קיִילה. איך וועל אָנגרייטען, אָנגרייטען מײַן קינד, מײַן גרעסטער יום-טוב וואָלט געוועזען, אַז גאָט וואָלט דיר מײַן טאָכטער, צוגעשיקט די רפואה שלמה (נעהמט דאָס געלד ביי צביה'ן) איך קלעהר: שוין האָט גאָט אָן מיך אין גאַנצען פערגעסען?.. אפשר וועט מיר נאָך כביכול העלפען, און איך וועל דיר נאָך קענען אָוועקגעבען. (ווישט אָב די טרעהרען).

ציִיטעֶל. הער אויף, מאַמע,... הער אויף!

קיִילה. מעהר ניט, טאָכטערל, מעהר ניט... (צו קדיש'ן) נאַ דיר דאָס געלד, געה צו פּינחס'ן, איהר וועט איינקויפען חלה..

צײַטעל. ניין... מען דאַרף ניט צו פּינחס'ן, זאָל ער ניט געהן... די מאַמע זײַנע איז אין כעס, זײַן מאַמע...

קדיש. צו וואָס דאַרף איך פּנחס'ן, צו וואָס? איך קאָן אַליין אײַנקויפען, וואָס מען וועט הייסען.

קײַלה. נו, קויף חלות... אַפּאָאַר חלות... פליייש איז ניט נויטיג, צו וואָס פליייש... און נאָך? ליכט עטליכע... פליגעלאַך, פּיסלאַך אַפּאָאַר, עטליכע, אויב דו וועסט קריגען, מען דאַרף אויסקאָכען אַ לעפעל זופּ...

צביה. (צו רשילין) נאַ האַלט צו מײַן פּײַבעלען ע... איך וועל שוין אַליין זעהען וואָס אײַנצוקויפען.

קדיש. איך וועל אַליין... (געהט אַרויס פון שטוב).

צביה. (דערלאַנגט דאָס קינד רשיל'ן) נעהם אַ רגע מײַן אוצר; איך וועל קדיש'ן עפּעס אָנזאָגען (רשיל נעהמט צו דאָס קינד, צביה הײַלט זיך אַרויס).

קײַלה. (נאָך אַ קלייַנע שטילע) וואו מען וואָהנט טאַקי ניט מיט אַ מענשען קען מען איהם ניט קענען, ווער וואָלט דאָס גלויבען, פון אָנהויב, אַז אימיצער וואָלט זאָגען, אַז צביה וועט זיך אַזוי מוסר נפש זײַן פאַר אונזערט וועגען... ווען ניט זי... פון הימעל... אַ שליח פון הימעל איז זי נאָר...

רשיל. פּײַבעלע איז אויך אַ וואָהל קינד.

קײַלה. איך האָב שוין גאָר דעם חשבון פערלאָרען, וויפיעל איך קום איהר, וועה איז מיר (אַ קלייַנע שטילע).

רשיל. אַז איך וואָלט געוואוסט, אַז אין פאַבריקע וועט מען אַזוי גיך ניט אָנהײבען טאָהן, וואָלט איך דאַכאָלם...

צײַטעל. אין פאַבריקע זאָלסטו מעהר ניט געהן... מעהר ניט געה... קדיש אויך ניט... דאָרטען איז דער טויט פיל אין אַלע ווינקעלאַך...

צביה. (קעהרט צוריק) כ'וועל נעהמען דאָס קינד און געהן





עפּעס אָנגרייטען פאַר זיך אויך אויף די פּאָאַר טעג יום-טוב... אָה ס'אַר אַ וואַרעמקייט עס איז אין דרויסען...

קײַלה. דו קענסט צו קלייַבען בײַ זיך אין קאַמער.

צביה. וואָס נעהמסטו זיך אַזוי פון דעם צום האַרצען, וואָס... אַן'איבריגע זאַך... מיט וואָס בין איך זיכער?.. מיט וואָס בין איך זיכער מיט מײַן פּײַבלען, זאָל לעבען... (מיט אַ פרעהליכע שטים) אַז דו וועסט ווערען געזונד אם ירצה השם, וועל איך נאָך טאַנצען בײַ דיר אויף חתונה... (צײַטלען) דו וועסט דאָך טאַנצען מיט מיר, צײַטעל, האַ?

צײַטעל. (וויל אויפהייבען די האַנד און קען ניט) פּער-פּאַלען... אַלץ פערפּאַלען...

קײַלה. נאַרעלע... וואָס האָסטו זיך אײַנגערעדט אַזוינע זאַכען... וואָס... טויזענדער מענשען ווערען קראַנק און ווערען געזונד ווידער, און דו שמועסט זיך אַיין ער ווייסט וואָס... איך וויין... וויין איך סתם... ס'האַרץ איז פערביטערט... מען איז איינינקע אַליין... קיינער וועט גאָר ניט זעהען אַפילו ווי איך מיט מײַנע קינדער ווערען חס ושלום אויסגעהן... דו ליעגסט אויף אַ קראַנקע בעט, און איך האָב ניט אַפילו מיט וואָס די נשמה צו דערהאַלטען... (נאָך אַ קליינע שטילע).

צביה. (קלייבט זיך אַרויסצוגעהן) אַיך קײַלה וועט אײַך זײַן גענוג... הערט איהר אויף צו וויינען כ'לעבען... מען טאָר דעם בטחון ניט פערלירען... (געהט אַרויס).

צײַטעל. (הוסט) וו-אָ-אָם פון מינוט... ווער איך אַלץ אַ מעהר צו געשמידטע צום בעט... איך פיהל אַז די פּיס נעהמען מיר דאַכציך אָב...

רשיל. דאָס איז אַלץ באַ'שר דו ביזט קראַנק, יעדער חולה איז אַזוי...

קײַלה. דאָס איז גאָר נישט, מײַן טאָכטער... וועסט נאָר אם ירצה השם אַביסעלע בעסער ווערען, וועסטו פון דאָס ניי דער-

פיהלען יעדער גליעד... בעזונדער... (אַשטילע).

ציטעל. איך וויל זעהען פינחס'ן... רשיל... געה רוף אַהער פינחס'ן... שלעכט... ס'איז מיר שלעכט...

קילה. אפשר זאָל איך דיר עפּעס געבען אין מויל אַריין?

ציטעל. רשיל... רוף מיר...

רשיל. טאָמער איז ער אין שטוב ניטאָ?

קילה. געה אַריבער און זעה.

רשיל. (געהט אַרוים).

קילה. (שטעהט אויף פון אָרט).

ציטעל. לאָז מיר ניט אַליין, מאַמע, אַז איך בלייב אַליין איז מיר מאָדנע שלעכט...

קילה. איך לאָז דיר ניט אַליין, קינד מיינע.

ציטעל. היינט איז דאָך ערב שבועות, היינט... האַ, מאַמע?

קילה. האָסט שוין פערגעסען, וואָס... האָסט דאָך אָקאָרכט אַליין געזאָגט...

ציטעל. מיין קאָפּ דרעהט זיך מיר... איך פערגעס... איך לייג... כ'ליג... (פערמאַכט די אויגען).

קילה. שלאָף... שלאָף...

ציטעל. (עפענט אויף די אויגען) דו ביזט דאָ מאַמע?

קילה. שרעק זיך ניט, מיין טאָכטער, איך בין דאָ, אָט זיטץ איך לעבען דיר; איך געה ניט אַוועק, ניין...

ציטעל. (אַטהעמט שווער) כ'בין פאַ-אַר-מאַ-אַטערט!..

קילה. שלאָף... שלאָף, איך זיטץ דאָ לעבען דיר, איך בין דאָ... (אַ רגע שטיל).

ציטעל. (מיט אַ מעהר העכערע שטימע) פינחס איז נאָך ניטאָ?..

קילה. (דערשראָקען) וואָס איז דיר קרוין מיינע, ס'איז דיר ערגער? זאָג נאָר... (ציטעל ענטפערט ניט, קילה שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, און ווישט אָב אַ טרעהר פון די אויגען).





פינחס. (קומט אַריין. אַ קליין פּעקעלע אין האַנד. ער וואַרפט אַ בליק אַרום און געהט צו אויף די שפּיטצען פינגער צום בעט) וואָס מאַכט זי? (קוקט אויף ציטלען) זי שלאָפט?

קילה. ענטשלאָפען געוואָרען, אפשר וועט זי שלאָפען... זי כאַפּט זיך רק אויף, ווי מען טרעט אַ ווײַלע אָב פון בעט... זי שרעקט זיך... וואָס הערט זיך ביי דיר? כ'האָב געשיקט רשיל'ן דיך רופען — האָסט איהר געזעהען?

פינחס. רשיל'ן? וואָס איז?

קילה. זי דערמאָהנט אַלע מינוט דיין נאָמען... יעדער ווײַלע... זי האָט געבעטען מען זאָל דיר שיקען רופען... (אַ שטילע).

פינחס. זי וויינט איצט אויך אַלע ווײַלע?

קילה. זי האָט מורא! זי האָט געבעטען מען זאָל איהר אַרויספיהרען פון קאַמער.

פינחס. אַודאַי; אַודאַי איז דאָ בעסער.

קילה. (טאַפּט דאָס פּעקעלע) וואָס האָסטו דאָ?

פינחס. כ'האָב געבראַכט... זאָל זי האָבען, וואָס אין מויל צונעהמען... ווײַניקע צוקערקעס... אומזיסט זיך מיאוס געמאַכט... איך בין געגאַנגען אין משמרת חולים... אפשר וועלען זיי געבען ווײַן... זיי גיבען און ווייסען ניט ווען צו געבען... כ'בין געשטאַנען, געשטאַנען... ביז וואַנען איך האָב אויסגעכראַקעט און בין אַוועק געגאַנגען...

קילה. און די מאַמע וואָס זאָגט?

פינחס. וואָס אַרט מיך וואָס די מאַמע זאָגט, איך פרעג אַ אַ פנים?

קילה. ס'איז קיין וואונדער ניט, אַמאַמע מעג זיין אין כעס... איך ווייס ניט, אויב איך וואָלט בעסער געווען... יעדער מאַמע וויל האָבען נחת פון איהרע קינדער.

פינחס. (קוקט זיך אַרום) וואו זיינען די קינדער?

קיילה. רשיל—האָב איך דיר דאָך געזאָגט—איז אַוועק דיר רופען; און קדיש'ן האָב איך געשיקט קויפען אַפּאָאַר חלות; איך וואָס דאַרף, גאָר ניט... מיינע שבתים, יום־טובים... אָבער די קינדער... (שטילע) וואָס וועט זיין מיט די קינדער? וועה איז מיר! קדיש מיין אויג פון קאָפּ, וואָס טהו איך מיט איהם... כ'האָב מורא פון מויל אַרויס צו ברענגען... ער כאַפּט אויף און צו הוס־טען די לעצטע ציטען... (אוויילע שטיל).

פּינחס. (הערט זיך צו צום אַטהעמען פון דער קראַנקע און צוקט מיט די אַקסלען).

קיילה. ווי געפינסט דו איהר, פּינחס?

ציטעל. (אַדערשראָקענע) אוי!.. (זי פיהלט אַז פינחס איז דאָ).

קיילה. (געהט צו נעהענטער) וואָס איז דיר מיין טאָכטער וואָס דו שרעקסט זיך רק אַזוי?

ציטעל. (דערזעהט פינחס'ן) פּינחס?! כ'האָב דיר אַזוי גע־וואָלט זעהען!.. פאַר וואָס ביזטו דו ניט געקומען די גאַנצע צייט?..

פּינחס. אָט בין איך דאָך געקומען; וואָס מאַכסט דו?

ציטעל. האַ? — ס'איז מיר ערגער... כ'האָב מורא..'

קיילה. וואָס שרעקסט דו זיך אַזוי?

ציטעל. מיר דאַכט זיך... מאָדנע זאַכען... אָט טרינק איך זיך... כ'שטעה ביים ברונעם און פאַל אַריין... (קוקט מיט אַ דורכדרינגענדעם קוק אויף פּינחס'ן) וואָס זעטצט דו זיך ניט?

פּינחס. (זעטצט זיך נעבען איהר) אָט זיטץ איך שוין... זאָג נאָר... ס'איז דיר אַזוי פיעל ערגער געוואָרען?

ציטעל. (גיט אַציטער) גאָרנישט...

קיילה. אֶפשר ווילסטו פערזוכען אַצוקערקע, מיין טאָכטער? פּינחס האָט געבראַכט.

ציטעל. (שטאַרקט זיך) ס'איז מיר בעסער... שרעק





זיך ניט מאַמע... (שטאַרקער) און דו פּינחס, שרעק זיך אויך ניט... ס'געהט צו זומער... צייטענווייז דאַכט זיך מיר מעהר ניט... אַז איך... גיט מיר אַצוקערקע.

פּינחס. (לעגט איהר אַריין אַ צוקערקע אין מויל).

ציטעל. (מיט קראַפט) פונדעסטוועגען בין איך ניט... אַזוי געפעהרליך... (קוקט צום באַלקען) דער כאַלקען, איז אַזוי שוואַרץ... אַגוואַלד ווי שוואַרץ... אַשרעק...

פּינחס. (קוקט אויף קיילהן).

קיילה. (פערקוקט זיך צום באַלקען, גיט אַקוק אויף ציטלען און צוגט בעהאַלטען מיט די אַקסלען צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ).

ציטעל. און ווי זאָגסטו פּינחס, איך וועל געזונד ווע־רען... (הוסט).

קיילה. רייד ניט מיין קינד צו הויך... מיר הערען אַזוי אויך, אַז דו רעדסט שטילער...

ציטעל. (קוקט אָן קיילה'ן) אוי... (פויזע) נעכטען ביי נאַכט האָט זיך מיר געחלומט דער טאַטע... ער איז מיר געקומען געוואָהר ווער'ן...

קיילה. אֶפשר וועט זיך דער אויבערשטער מרחם זיין... ער האָט אַודאַי געבעטען פון דיינטוועגען...

ציטעל. איך ווייס אַז ער איז געשטאָרבען... כ'ווייס... איך האָב ניט מורא געהאַט... ניין... נאָר דער נאָך... (קוקט אָן פינחס'ן) זעטץ זיך, פינחס, לעבען מיר.

פּינחס. איך זיטץ דאָך לעבען דיר.

ציטעל. איך... (קוקט אָהן קייהלן) מען דאַרף ניט...

קיילה. (שטעהט אויף) דו האָסט דאָך ניט מורא, מיין טאָכטער אַז איך וועל אַ רגע אַרויסגעהן...

ציטעל. מיר איז גרינגער אַביסעל... קאָנסט געהן...

קיילה. (געהט אַרויס)

צ י ׳ ט ע ל. דו גענהסט אַוועק מאַמע ?...

פ י נ ח ס. זי איז אַרוים... אפשר וועסטו נעהמען נאָך אַצוקערקע ?

צ י ׳ ט י ל. (מיט אַנ׳אונגעוועהנליכע קראַפט) וואָס דאַרפסטו אַזוי פיעל ליידען צוליעב מיר ?... (פערהוסט זיך)

פ י נ ח ס. הער אויף אַזוי הויך צו ריידען... איך הער... (ער טראָגט צו זיין שטוהל נעהענטער צו צייטלע׳ן).

צ י ׳ ט ע ל. (ערשראָקען) איך האָב זיך פריהער דערשראָקען... דער־רי־בער... דערשראָקען... (קוקט זיך אַרום) דערשראָקען... כ׳האָב זיך אויף געחאַפּט... האָט זיך מיר געדוכט, אַז דו ביזט געשטאָרבען... (פויזע) פינחס!...

פ י נ ח ס. וואָס שרעקסט דו זיך אַזוי ?...

צ י ׳ ט ע ל. די מאַמע איז אַוועק... (קוקט זיך אַרום) ס׳איז מיר אַ רחמנות אויף די מאַמען, פינחס!...

פ י נ ח ס. וואָס איז ?

צ י ׳ ט ע ל. גאָרנישט... כ׳האָב געוואָלט... (ציטערענד) כ׳וועל ניט ריידען... אפשר טאָר מען ניט... דו... וואָס ביזטו שולדיג ?...

פ י נ ח ס. דו ווילסט עפּעס זאָגען ?...

צ י ׳ ט ע ל. דערלאַנג מיר די שפּיגעל... כ׳וויל נאָך אַ מאָל אַקוק טאָהן אויף זיך... כ׳וועל זעהן...

פ י נ ח ס. וואָס שרעקסטו זיך אַזוי, איך זיטץ דאָך נעבען דיר... דו האָסט דאָך אַליין געזאָגט, אַז דו פיהלסט זיך בעסער... צו זומער איז נאָהענט... דו ווייסט איך האָב געקראָגען אַרבייט... כ׳האָב דיר פערגעסען צו דערציעהלען, נאָך יום טוב הייבען מיר אָן צו אַרבייטען אין פאַבריקע; רשיל און קדיש וועלען אויך האָבען אַרבייט...

צ י ׳ ט ע ל. (גיט אהויב די האנד, די האַנד פאַלט אָהנמעכטיג צוריק) דער מלאך המות... זאָלסט ניט געהן אַהין..





די קינדער וועלען אויך ניט געהן... ניט געהן... (גאָך אַקליינע שטילע) פּי-י-נחס!

פ י נ ח ס. וואָס ?

צ י ׳ ט ע ל. איך האָב דיר געוואָלט בעטען... (מיט איהר גאַנצער קראַפט) שעהם זיך ניט פאַר מיר... אויב דו קענסט ניט... טו זאָג...

פ י נ ח ס. (אויפגערעגט) וואָס איז דיר ?

צ י ׳ ט ע ל. דו וועסט דאָס טאָהן ?

פ י נ ח ס. איך וועל אַלץ טאָהן פון דיינטוועגען... מיין גאַנצען לעבען... (טרעהרען שטיקען איהם.)

צ י ׳ ט ע ל. גענוג... גענוג... מיר וועלען נאָך זיין אין איינעם... אָט דער זומער קומט... כ׳וועל נאָך אַראָבגעהן פון בעט... כ׳וועל נאָך אַראָבגעהן... וויין ניט...

פ י נ ח ס. (ציטערט) ניין, איך ווין ניט; אַזוי... וואָס האָסטו מיר געוואָלט בעטען ?—

צ י ׳ ט ע ל. איבערגוואַרד זאָלסטו ניט טאָהן... די מאַמע איז ניטאָ ?... (קוקט איפן באַלקען). דער באַלקען... איז אַזוי שוואַרץ... (אַשטילע).

צ י ׳ ט ע ל. האַלט מיר צו פינחס... איך וויל זיך אָבשפּאַרען...

פ י נ ח ס. (בויגט זיך צו צו איהר) נעהם מיר אַרום גוט.

צ י ׳ ט ע ל. (נעהמט אַרום פינחס׳ן) אָט אַזוי...

פ י נ ח ס. (זעצט איהר אנידער) ס׳איז דיר גרינגער ? איך וועל דיך צוהאַלטען.

צ י ׳ ט ע ל. אַז איך וואָלט געקענט אָט אַזוי זיטצען... אַ׳וואָסער שעה... נאָך אַ פּאָאָר טאָג... פינחס.

פ י נ ח ס. וואָס איז דיר ?

צ י ׳ ט ע ל. (ציטערט) דו וועסט דאָך ניט אַוועקוואַרפען אונזער שטוב... אַז איך וועל שטאַרבען ?...

פּינחס. הער אויף צורייידען נאַרישקייט, הער אויף... ווערסט נאָך לעבען, ווערסט נאָך געזונד ווערן: דו האָסט מורא מעהר וויפיעל מ'בעדאַרף...

ציטעל. איך וויל דו זאָלסט ניט אַוועקוואַרפען די שטוב... אונזער שטוב... דו זאָלסט זיי ניט פערלאָזען... רשיל'הן... זי איז אַטייערע קינד... דער טאַבאַק... פּינחס!

פּינחס. (מיט אַביטע) הער אויף, הער אויף...

ציטעל. רשיל זי... רשיל... לעגט מיר אַנידער...

פּינחס. (לעגט איהר אַנידער) וואָס שרעקסטו זיך אַזוי? זאָג... (צייטעל ענטפערט ניט, (אַשווערע שטילע).

ציטעל. (קוקט מיט אַציטערענדעם קוק אין פּינחס נע־זיכט) ניין, איך פּריקאַזעווע דיר דאָס ניט... ווי דו ווילסט... ווי דו ווילסט... פּינחס!

פּינחס. וואָס איז דיר?

ציטעל. (אַטהעמט שווער) ס'איז מיר שלעכט!... (קוקט זיך ארום) ס'שטיקט מיר... זעצט מיך אַנידער, פּינחס!... ניין...

פּינחס. (בויגט זיך צו צואיהר און זעצט איהר פּאַמעלעך פּאַמעלעך אַנידער).

[דער פאָרהאַנג פאַלט.]

# פיערטער אקט.

---

די דעקאָראַציע ווי אין די פריהערדיגע אַקטען. כ'אָנאַט תמוז פער־נאַכט — די זוהן געהט אונטער. איינעגע מינוטען הערשט אַ שטילקייט אויף דער סצענע. קיינעם איז צו זעהען.

רשיל. [געהט אַרויס פון צימער, אין צוריסענע קליידער, באָר־פוס בלייבט זי שטעהען אין מיטען צימער און קוקט זיך אַרום, פערלייגט די הענד אויף'ן ברוסט און אַטהעמט שטאַרק אין זיך. דאָס געזיכט אויסגעמאַרעט. עפענט אויף דעם שופלאָדציק פון קליינעם טישעל, זוכט דאָרטען. קלייבט אויף ברעקלאַך ברויט און וואַרפט אין מויל אַריין. בלייבט ווידער אַוויילע אין מיטען צי־מער. פערלייגט די הענד אויפ'ן ברוסט און אַטהעמט, פאַנגט אָן צו וויינען מיט אַ דינער דערשלאָגענער שטים]

קדיש. (קומט אַריין).

רשיל. (קוקט אויף איהם מיט אַ שאַרפען בליק) נו?..

קדיש. (פערצווייפעלט) גאָר נישט; ניט געזעהען...

רשיל. און די מאמען האָסט דו געזעהען?

קדיש. איך האָב איהר ניט געזעהען און כ'האָב איהר ניט געזוכט (פויזע).

רשיל. אֶפשר וועלען מיר פערקויפען עפּעס פון שטוב?..

קדיש. (וואַרפט אַבליק אַרום) וואָס וועלען מיר פע קייפען?

רשיל. (קלעהרט אַרגע) מיר האָבען שוין אַלץ פערקויפט... (אַקליינע שטילע).

קדיש. איך וועל פרובען נאָך אַמאָל; איך קען ניט... אַז איך געה צו צו די קאָשיקעס, קאָרטשעט זיך מיר אונטער די פיס..

רשיל. מען וועט דיר נאָך כאַפּען...

קדיש. מען וועט מיר כאַפּען... (פערקלעהר זיך ט"עף).

ר ש י ל. איך בין זעהר בלאַס?

ק ד י ש. בלאַס...

ר ש י ל. און דער צונג איז ביי מיר ווייס? (ווייזט איהם די צונג).

ק ד י ש. ווייס...

ר ש י ל. מיין צורה איז זעהר דאַר?

ק ד י ש. דאַר... (קלאַפּט מיט'ן פינגער אויף איהרע באַקען דאָ איז הוילע ביינער... צו וואָס פרעגסט דו דאָס עפּעס?..

ר ש י ל. (שווייגט)

ק ד י ש. געהן נאָך אַמאָל?

ר ש י ל. וואַרט אֶפשר וועט קומען די מאַמע... זי וועט עפּעס ברענגען, וואָס צום עסען.

ק ד י ש. דו ווייסט -- וואוהין זי איז אַוועק?

ר ש י ל. ניין.

ק ד י ש. (לייגט זיך מיט'ן געזיכט אַרויף אויף דר'ערד) צו־נייף מאַכען עפּעס?..

ר ש י ל. (שטעהט נעבען קדיש'ן) אֶפשר?..

ק ד י ש. וואָס שטעהסטו אַזוי?

ר ש י ל. איך פיהל דאָ... (ווייזט אויפ'ן ברוסט)... אַ גרוי־סען וועהטאָג...

ק ד י ש. (זעטצט איהר אין ברוסט)

ר ש י ל. יע, אין ברוסט... אַ וועהטאָג...

ק ד י ש. אַ שטעכעניס?

ר ש י ל. ניין, אַ וועהטאָג.

ק ד י ש. און אין זייט?

ר ש י ל. (פרובענדיג זיך אַליין) אין זייט? (טאַפּט די זייט) כ'ווייס ניט... (אַ שטילע)

ר ש י ל. פרוב נאָר, קדיש, מיר אויסהערען, לייג צו דעם אויער, אֶפשר וועסטו דערקענען עפּעס וואָס...





ק ד י ש. וואָס פערשטעה איך?

ר ש י ל. אַדרבא פּרוב...

ק ד י ש. כ'האָב קיין כח ניט אויפצושטעהן, זעטץ זיך אויף דר'ערד.

ר ש י ל. (זעטצט זיך אויף דר'ערד) נו? (לייגט צו דעם אויער צו איהר ברוסט).

ק ד י ש. (הערט) אַזוי קען מען ניט, מען דאַרף אָפּשפּילעווען דעם יאַקעל.

ר ש י ל. (שפּילעוועט אָב דעם יאַקעל) נו, איצטער הער!

ק ד י ש. (ער לייגט צו דעם אויער און הערט).

ר ש י ל. נו וואָס?

ק ד י ש. ציה אין זיך דעם אָטהעם, גוט ציה!

ר ש י ל. איך קען ניט, עס טהוט וועה...

ק ד י ש. טהוט וועה? אין וואָסער אָרט?

ר ש י ל. (ווייזט מיט'ן פינגער אויף איהר ברוסט) דאָ. (אַ ווײַלע שטיל).

ק ד י ש. אֶפשר דערפאַר ווייל דו האָסט אַ גאַנצען טאָג ניט געגעסען טהוט דיר וועה, הא?

ר ש י ל. דאָס איז אַנ'אַנדער זאַך... דאָס איז הונגעריג; אָבער דאָס טהוט וועה אַזוי ווי דאַרטען וואָלט געוועזען אַ וואונד... (גיט אַ פיהר מיט'ן האַנד איבערן ברוסט)

ק ד י ש. (אויפגערעגט) לאָז, איך וועל אויסהערען נאָך אַמאָל...

ר ש י ל. (בויגט צו איהר ברוסט צו זיין אויער).

ק ד י ש. (הערט) קיין זאַך הערט זיך ניט... אַ דאָקטאָר פער־שטעהט... (קוקט אויף איהרע באָרפעסע פיס) דיינע פיס זיינען אַזוי שוואַרץ...

ר ש י ל. (ווי זיך אויפכאַפּענד) וואָס?..

ק ד י ש. (קלעהרט אַ רגע) זאָרג ניט; ס'איז גאָר נישט. פון וואַנען ווייסטו, אַז דאָ איז דאָ אַ געפאַהר? —

ר ש י ל. די האַרץ... דו ווייסט וואָס דאָס איז „די האַרץ"? און צייטעל איז פון וואָס געשטאָרבען?

ק ד י ש. (פערטיעפט זיך) צייטעל... צייטעל האָט געשפּיגען מיט בלוט, מיט בלוט האָט זי דאָך געשפּיגען... איך וועל געהן נאָך אַ מאָל (הויבט זיך ענערגיש אויף).

ר ש י ל. געה ניט... איך האָב מורא אַליין אין שטוב צו בלייבען...

ק ד י ש. פאַר וועמען האָסטו מורא? פאַר וועמען?..

ר ש י ל. כ'האָב מורא..

ק ד י ש. און איך האָב קיין מורא ניט.

ר ש י ל. דו ביזט אַ געזונטער... אַ געזונטער מענש האָט קיין מורא ניט... (צוקט דאָס געזיכט) אוי...

ק ד י ש. וואָס איז דיר?

ר ש י ל. אַ שטאָך אין זייט האָט דערלאַנגט...

ק ד י ש. אין וועלכען זייט?

ר ש י ל. (ווייזט אָן אויפ'ן לינקען זייט) דאָ... אַ מאָדנעם שטאַרקען שטאָך — (אַ קליינע שטילע).

ק ד י ש. פּרוב הוסטען, מאַך אַזוי: כחי! כחי! ווע לען מיר זעהען די לייחעס?

ר ש י ל. כ'האָב מורא.

ק ד י ש. וואָס האָסטו מורא?

ר ש י ל. כ'האָב מורא, טאָמער וועט זיין בלוט... (אַ שטילע. קדיש'ן ערגערט אַביסל דערהערענדיג דאָס וואָרט „בלוט").

ק ד י ש. פון וואַנען קלעהרסטו אַז ס'וועט זיין?

ר ש י ל. (ציטערט) אַזוי כ'האָב מורא... (אַ שטילע).

ק ד י ש. (פּרובט זיך אויפהייבען פון אָרט) איך וועל געהן! כ'וועל עפּעס קריגען... כ'וועל קריגען! (אויפגערעגט) צו וואָס זאָלען מיר ליידען הונגער? ליידען הונגער? ליידען הונגער! מען דאַרף ניט!





ר ש י ל. (האַלט איהם אָב) זיי דאָ, קדיש זיטץ דאָ. באַלד וועט ווערען פינסטער, און איך האָב מורא צו בלייבען אַליין.

ק ד י ש. (שטעהט אויף) קום אויך מיט מיר...

ר ש י ל. כ'האָב קיין כח ניט; כ'וויל דאָ בלייבען, דאָ אין שטיב.

ק ד י ש. כ'וועל אַרוים געהן אויפ'ן הויף; כ'וועל בעטען ביים בעל-הבית אַ שטיקעל ברויט, איך וועל זאָגען...

ר ש י ל. צום בעל-הבית זאָלסטו ניט געהן... ער וועט זיך דערוויסען אַז מיר האָבען ניט מיט וואָס צו צאָהלען דירה-געלד...

ק ד י ש. (זעצט זיך ווידער אויף דר'ערד).

ר ש י ל. (פּרובט אויפשטעהן) וואָס זיטצען מיר דאָ אויף דר'ערד?

ק ד י ש. וואָס מאַכט דיר אוים. (אויף דער סצענע ווערט פינסטערער.

ר ש י ל. (בלייבט אין איהר פריהערדיגע פּאָזע) ווי אַזוי, קדיש, זיינען מיר געוואָרען מיט אַ מאָל אַזוינע גרויסע אָרעמע לייט?..

ק ד י ש. וואו קען דאָס זיין די מאַמע?

ר ש י ל. (נאָך אַ קליינע שטילע) וויפיעל טעג קען מען לעבען ניט געגעסענער-היייד?

ק ד י ש. וויפיעל... און מיט וואַסער אַליין קען מען לעבען?

ר ש י ל. כ'האָב אַ סך מאָל געטרונקען—און ס'איז גאָרנישט...

ק ד י ש. און מיט טהע?

ר ש י ל. דאָס איז דאָך אויך וואַסער.

ק ד י ש. אַ וואָך קען מען אַוודאי אָבלעבען...

ר ש י ל. אַ וואָך איז אַ פולע.

ק ד י ש. איך קלעהר אַז מען...

ר ש י ל. אַך ווי צייטלען האָט זיך דאָס ניט געלוסט שטאַרבען, אוי האָט זי ניט געוואָלט... (קלעהרט אַ רגע) און אַז מען וויל ניט... (קדיש און רשיל פערקלעהרען זיך).

ר ש י ל. אוי!..

ק ד י ש. וואָס איז דיר? עס האָט דיר ווידער דערלאַנגט אַ שטאָך?

ר ש י ל. נאָך אַ מאָל אַ שטאָך...

ק ד י ש. שפּאַר זיך אָב מיט'ן קאָפּ אויף מײַנע קניִע.

ר ש י ל. (לעהנט אָב איהר קאָפּ אויף זיינע קניע) אַז מיר וואָלטען געווען גבירים, ניט קיין גרויסע גבירים אַפילו, קאָן זיין, אַז דער טאַטע וואָלט געלעבט, און צייטעל אויך...

ק ד י ש. גבירים שטאַרבען ניט, וואָס?

ר ש י ל. דו האָסט דאָך געזעהען אַז ס'איז ניט געווען מיט וואָס צייטלען די נשמה צו דערהאַלטען... אָהן כחות געבליבען, אויסגעגאַנגען...

ק ד י ש. דער קאָפּ טהוט מיר וועה; אָט דאָ (ווייזט אויפ'ן שלייף) נאָך אַ ווײַלע ו'עט ווערען פינסטער... דו וואָלסט מיר אָבער פאָלגען, וואָלטען מיר איצט ניט געזעסען קיין הונגעריגע, פאַר וואָס איז דאָ וואָס מורא צו האָבען, פרעגט זיך?..

ר ש י ל. כ'האָב מורא... דו ווייסט ניט וואָס בײַ מיר אין האַרצען טהוט זיך... דאָס איז ניט אָט אַזוי גרינג...

ק ד י ש. לאָמיר זאָגען די מאַמען.

ר ש י ל. לאָמיר נאָך אָבוואַרטען.

ק ד י ש. און וואָס וועט זיין פון דעם?

ר ש י ל. מען דאַרף איהר ניט דערצעהלען...

ק ד י ש. מאָרגען וועלען מיר געהן צום דאָקטאָר — אָהן די מאַמעס וויסען, וועלען מיר געהן... וועסט געהן?..

ר ש י ל. וואו?

ק ד י ש. כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, פרעגען זיך בײַם דאָקטאָר וועלען מיר געהן.

ר ש י ל. אַ באָרפעסע וועל איך געהן?

ק ד י ש. אַ באָרפעסע!.. וועט ער ניט בעטען קיין געלד.

ק י י ל ה. (קומט אַריין, טראָגט פערבויגען דעם פאַרטאָך אין האַנד).

ק ד י ש און ר ש י ל. (ערוואַכען).





ק י י ל ה. וואָס זיצט איהר אויף דר'ערד, וואָס? שטעהט אויף (ביידע שטעהען פויל אויף).

ק ד י ש. מיר זיינען זיך געזעסען, אַזוי זיך.

ק י י ל ה. איהר האָט נאָך הײַנט גאָר ניט געגעסען, וועה איז מיר! (נעהמט אַרויס פון פאַרטאָך בייגעל).

ק ד י ש. בייגעל.

ק י י ל ה. (לעגט אַוועק די בייגעל אויפ'ן טיש) עסט, קינדער, (פאַר זיך) אַז דער אויבערשטער האָט מיר מײַן האַרץ צוריסען אויף שטיקער, אודאי ווייסט ער וואָס ער טהוט...

ק ד י ש און ר ש י ל. (עסען, די געזיכטער לייכטען ביי זיי).

ר ש י ל. און דו מאַמע, האָסט עפּעס געגעסען?

ק י י ל ה. פאַר מיר זאָלט איהר ניט זאָרגען... אייער מאַמע האָט שוין לאַנג... איך וועל געהן אַריינברײַנגען טהע... אודאי איז דאָך דאָ אַ יושר אויף דער וועלט. (געהט אַרויס).

ר ש י ל. (קײַט) זי ווי ס'ווייזט אויס האָט נאָך אין מויל ניט געהאַט. דו האָסט געזעהען ווי פערשמאַכט זי איז?

ק ד י ש. דו זאָלסט איהר ניט דערצעהלען אַז איך האָב געוואָלט געהן אין מאַרק עפּעס קויפען צו עסען. זי וועט זיך אָבעסען די האַרץ.

ר ש י ל. צו וואָס בעדאַרף איך איהר דערצעהלען (שטעהען ביידע איינע ענטקעגען די אַנדערע אין מיט'ן קאַמער און קײַען).

ק ד י ש. דו זעהסט, אַז די מאַמע האָט שוין גאָר אויפגעהערט וויינען; זי וויינט שוין ניט לאַנג...

ר ש י ל. זי האָט שוין קיין כח ניט...

ק ד י ש. (מיט אַ שמייכעל) אַ ביסען וואָס איז דאָס? אַגאַרנישט דאָך, פון דעסטוועגען... זעה... אָט האָט שוין דער קאָפּ אויפגעהערט.

ר ש י ל. (ווערט פלוצלונג ווי צושראָקען, פונקט ווי זי הערט זיך צו צו זיך זעלבסט, די אויגען געזונקען צו דר'ערד) קדיש'ל!

אָ, ס'איז מיר שלעכט... דע' ביסען איז מיר געבליבען דאָ שטעהן... (ווײַזט אויף איהר ברוסט) דאָ קוועטשט ער!

קדיש. אַביסעלע וואַסער... (דערלאַנגט איהר וואַסער).

רשיל. דאָ איז געבליעבען דער ביסען.., (טרינקט) אוי... געוואַלד.

קדיש. ס'איז אַראָב?

רשיל. אַביסעלע גרינגער געוואָרען... (זעצט זיך צו בײַם טיש, לעגט אַוועק דעם בייגעל, און פערבאָרגט דעם געזיכט אין די הענד.

קײַלה. (קומט האַסטיג אַריין) די קאָפּ דרעהט זיך מיר... איך בין געגאַנגען נאָך טעה... האָב איך ניט דעם טשײַניק... (נעהמט די קענדל וואַרפט אַ בליק אויף רשיל'ן, אַ דערשראָקענע) וואָס איז דיר, לעבען מײַנע, וועה איז מיר... (מרעט צו צו רשיל).

רשיל. גאָר נישט... אַ ביסען בײַגעל איז מיר געבליבען שטעהן, און ער קוועטשט אַביסעל...

קײַלה. נעהם אַ קאָפּ וואַסער, וועט ער אפשר אַראָב געהן.

קדיש. זי האָט שוין געטרונקען.

קײַלה. טרינק נאָך אַביסעל וואַסער; באַלד ברענג איך טיי... (צו זיך) שטראָף מיך ניט, רבש"ע, חאָץ דעם מאָל... דו האָסט צוגענומען בײַ מיר, די ליכט פון מײַנע אויגען... מײַן טרויסט האָסטו צוגענומען... מײַן האַרץ... אוי מײַן האַרץ... געוואַלד, גאָטינקע זאָל חאָץ... (צו רשילן) נו וואַס? גרינגער געוואָרען?

רשיל. ניט גרינגער... אַביסעל.

קדיש. זי האָט פריהער זיך געקלאָגט, אַז... אין האַרצען טהוט איהר וועה אַביסעל.

קײַלה. (טוידט בלאַס) רשיל, זאָג רשיל וואָס איז דיר?

רשיל. שוין גאָרנישט, עסען האָט זיך מיר נאָר געוואָלט...





קדיש. זי האָט אַליין געזאָגט...

קײַלה. פון וועמען בעהאַלסטו, פון וועמען?

רשיל. ס'איז נאָר פון הונגער קלער איך.

קײַלה. נו וואָס... גרינגער געוואָרען?

רשיל. גרינגער געוואָרען... אַביסעל גרינגער.

קײַלה. דו ווילסט גאָר ניט עסען?...

רשיל. (מיט אַשוואַכער שטים) נײן.

קײַלה. וואָס זאָל איך אײַך ברענגען, האַ? זאָגט וואָס זאָל איך אײַך ברענגען פון גאַס, וואָס?... טהעע...

רשיל. (מיט א שוואַכע שטימע) וואָס קאָנסטו ברענגען? (אויפן מצענע ווערט אלין פינסטערער און פינסטערער).

קײַלה. וואָס רעדסטו מיט אַזאַ שוואַכען קול?... ס'איז דיר שלעכט?... ס'איז דיר שווער צו רײדען, וואָס?... לײקען ניט...

רשיל. נײן, נײן...

קײַלה. וועמען זאָלסטו דערצעהלען, אַז ניט מיר... וואָס איז מײַן לעבען אָהן אײַך? וואָס?... וועמען האָב איך און וואָס האָב איך?... ווער איז מיר איבערגעבליבען? מײַנע אויגען זײַנען מיר אויסגעטריקענט געוואָרען, ווײנען קען איך שוין ניט... וואָס זאָל איך ווײ-ען... וואָס? וואָס קאָן איך העלפען. אַז איך וויל ווײנען אויף מײַן אונגליק...

קדיש. העך אויף, מאַמע...

קײַלה. (ניט הערענדיג איהם) אויף אײן אונגליק קאָן מען ווײנען, אָבער גאָט האָט אַראָבגעשיקט אַפײַער און האָט מיר אין גאַנצען פאַרברענט... אַ—אַ—

כ'וועל געהן און ברײַנגען טהעע, ציינדט עפּעס אָן אַשטיקעל ליכט וואָס? (זי געהט אַרוים, אַשטילע).

רשיל. קדיש!

קדיש. וואָס איז דיר?

רשיל. וואָס האָסטו בעדאַרפט זאָגען די מאַמען, אַז עס טהוט מיר וועה אין האַרצען?

קדיש. מען האָט בעדאַרפט זאָגען...

רשיל. אָבער ניט איצט (אַשטילע).

קדיש. און פאַר וואָס עס איך—און ס'איז—גאָרנישט?...

רשיל. אוי!...

קדיש. נאָך אַמאָל אַ שטאָך?

רשיל. (קאָרטשעט זיך) אוי, אוי, ס'איז מיר שלעכט... אָט דער ביסען... ער הויבט זיך אויף... אָט, אָט... אַ... אַ...

קדיש. נאָך אַזופּ וואַסער (געהט איהר ברייגנען וואַסער) די מאַמע האָט צוגענומען די קענדעל, גיב אַזופּ פון עמער! נו וואָס, רשיל?

רשיל. (געהט איבערן צימער) שלעכט איז מיר... שלעכט... רוף די מאַמען... קדיש, רוף!...

קדיש. דו וועסט ניט מורא האָבען אַליין צו בלייבען אין שטוב.

רשיל. (קעהרט זיך אום אויף איהר פריהערדיגען אָרט) כ'האָב מורא כ'וועל ניט בלייבען.

קדיש. נו זאָל איך געהן?

רשיל. (קרעכצט, ציטערט).

קדיש. (איילט צו איהר) וואָס איז דיר, רשיל? זאָג!...

רשיל. מאַ=מע... רוף די מאַמען!

קדיש. דו לאָזט דאָך ניט אַרויסגעהן... כ'וועל רופען פון דאַנען (מאַכט אַשריט צום טהיר).

רשיל. לאָז מיר ניט אַליין...

קדיש. ניין, פון דאַנען וועל איך רופען (קריכט אַרויף אויפן פענסטער) פון דאַנען וועל איך רופען! (שרייט הויך דורכ'ן פענסטער) מאַמע=מאַ=אַמע, מאַ=אַ=אַמע!...,





(אויפן סצענע ווערט אלץ פינסטערער און פינסטערער)

(פאָרהאַנג פאַלט).



## עס דרוקט זיך:

ק. מארקס און פר. ענגעלס. דער מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פאַרטיי.

ד. פינסקי. אין משוגעים־הויז (כאַאָג).

ק. קאוטסקי. קלאַסען אינטערעסען.

מ. טערמאן. רעליגיאָן און קלאַסען־געגענזאַטצע.

א. טהון. די געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג אין רוססלאַנד

נעמאינסקי. די פאַריזער קאָמונע פון 1871 יאָהר.

א. בעבעל. די פרוי און דער סאָציאַליזמוס.

פרץ הירשביין. ווייטע און נאָהענטע. בילדער אין פיער אַקטען.

נ. ריאזאנאוו. דער 19 פעברואַר.

האפמאן. די פראָסטיטוציע און דאָס פרויען-האַנדעל.

* * די עקאָנאָמישע ענטוויקלונג אין ענגלאַנד.

א. הא. די סאָציאַליסטישע פראַקציאָן אין דעם ציוניזמוס.

בעמערקונג: די, וואָס שרייבען אויס מער ווי אויף 2 רובל, צאָהלען ניט פאַר'ן איבערשיקען.

---

די אַדרעססע:

*Вильна, книгоиздательство* „ДИ ВЕЛТЪ“

# פֿערלאַג „די וועלט"

## עס ווינען אַרויס פֿון דרוק:

| | קאָפּ. | סענט. | פּעני. | פּפֿעניג. | סאַנטים. |
|---|---|---|---|---|---|
| ד. פינסקי. היינטיגע יונגע לייט (כאָנאָלאָג). | 1 | 1 | 1/2 | 4 | 5 |
| ד. פּינסקי. ערב יום כפור / ה. ד. נאָמבערג. מען וועקט } פּרייז - - | 2 | 2 | 1 | 8 | 10 |
| ד. פינסקי. די פֿאַמיליע צבי - - - | 12 | 12 | 6 | 48 | 60 |
| מ. דיקשטיין. פֿון וואָס איינער לעבט. | 5 | 5 | 2 1/2 | 20 | 25 |
| מ. שיפּפּעל. די עקאָנאָמישע איבערקערעניש און די ענטוויקלונג פֿון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע - - - - - | 5 | 5 | 2 1/2 | 20 | 25 |
| לעווין. אין אַ פֿינסטערע נאַכט (ערצעהלונג - - - - - - - - - | 2 | 2 | 1 | 8 | 10 |
| פּ. יושקעוויטש. וועגען וואַהלרעכט - - | 7 | 7 | 3 1/2 | 28 | 35 |
| * * דער קליינבירגערליכער כאַציאַליזמוס אויפ'ן יודישען באָדען - - | 4 | 4 | 2 | 16 | 20 |
| * * ערצעהלונגען אוים דער געשיכטע פֿון דער ערשטער פֿראַנצייזישער רעוואָלוציע - - - - - - - | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| ק. קאַוטסקי. דאָס ערפֿורטער פּראָגראַם אויך אין 6 העפֿטען, יעדעס העפֿט 5 ק. (מיט פּאָרטאָ 40 ק.) | 30 | 30 | 15 | 120 | 150 |
| בעללאַמי. אין הונדערט יאָהר אַרום - - (מיט פּאָרטאָ 33 ק.) | 25 | 25 | 12 1/2 | 100 | 125 |
| פֿ. לאַססאַל. רעכט און מאַכט (דער עיקר פֿון אַ קאָנסטיטוציע) - - - - - - | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| פֿ. לאַססאַל. די אַרבייטער און די געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען (דאָס אַרבייטער פּראָגראַם) - - - - - - - - - - | 8 | 8 | 4 | 32 | 32 |
| פּאָל עזי. צדקה (ערצעהלונג) - - - - - | 2 | 2 | 1 | 8 | 10 |
| ק. קאַוטסקי. קאָנסום פֿעראיינען - - - | 6 | 6 | 3 | 24 | 30 |
| * פֿרידריך ענגעלס (לעבענס בעשרייבונג) - - - - - - - | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |
| ק. קאַוטסקי. די סאָציאַלע רעפֿאָרמען און די כאָציאַלע רעוואָלוציאָן - - - | 15 | 15 | 7 1/2 | 60 | 75 |
| * * צו דער געשיכטע פֿון דער ענגלישער אַרבייטער-בעוועגונג - | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |
| פּאָול לאַפֿאַרג. רעליגיאָן פֿון קאַפּיטאַל - | " | " | " | " | " |
| * פֿערזענליכע ערינערונגען. | — | — | — | — | — |
| אַרנו. די קרבנות פֿון דער קאַטאָגה - - | 3 | 3 | 1 1/2 | 12 | 15 |
| * * אַ מעשה פֿון פֿיער ברידער - | 10 | 10 | 5 | 40 | 50 |